ק. גוטנבוים

# ארטור שאפענהויער

## זיין לעבן און פילאָזאָפיע

פאַרלאַג א. גיטלין
װאַרשע
1 9 2 2

# פאָרוואָרט.

**די פילאָזאָפיע** — די פילאָזאָפיע, וואָס האָט אין אַלטן גריכנלאַנד באַדייט יעדע גייסטיקע טעטיקייט, די איינציקע ליבע צו חכמה, האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרוואַנדלט, ביי דער וואַקסנדיקער דיפערענצירונג פון באַזונדערע צווייגן פון וויסנשאַפט, אין אַ סינטעז, צו וועלכן עס זיינען משובר אַלע באַקאַנטע און באַאַרבעטע וויסנשאַפטן.

**די מעטאַפיזיק** — דער גרויסער סובסטראַט פון „זיין“, די קאַנווע, אויף וועלכער עס טרעטן אַרויס די איינצלנע זאַכן און דערשיינונגען, דער „בראשית“ פון אַלע זאַכן, וואָס באַשאַפט אַלץ, און וואָס שלינגט ווידער איין אין זיך אַלץ, כדי עס ווידעראַמאָל פון זיך אויסצוטיילן, איז געוואָרן דער געגנשטאַנד פון פילאָזאָפישן דיינקען. די אויספאָרשונג פונם אָנהויב פון אַלע זאַכן, דער טייל פילאָזאָפיע, וועלכן מיר רופן היינט „מעטאַפיזיק“, האָט זיך אַלץ מער אָפּגעזונדערט פון דער וויסנשאַפט און האָט פאַרנומען אַ מיטלפונקט צווישן וויסנשאַפט און רעליגיע. אַזויאַרום האָט די פילאָזאָפיע איבערגענומען אויף זיך די אַנטשיידונג פון יענע פראַגן, וועלכע האָבן פריער געהערט צו דער רע-

ליגיע — די מאָראַלישע פראַגן. דער פילאָזאָף האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער מדרגה פון אַ כהן.

די עטיק. נאָך דער מעטאַפיזיק טרעט אַרויס, אַלס דער וויכטיקסטער טייל פון פילאָזאָפיע, די עטיק, די לערע פון הנהגה, פון התחייבותן פון מענטשן צו דער וועלט, צו זיך און צו די אַנדערע. ביי סאָקראַטן פאַרנעמט די עטיק דעם ערשטן אָרט, אין די מעטאַפיזיק, וועלכע איז אינם ערשטן פּאָעטיש־מיטאָלאָגישן פעריאָד געווען דער יסוד פון דער פילאָזאָפיע, ווערט עטוואָס ווייטער אָפּגערוקט.

די גנאָסעאָלאָגיע ביי סאָקראַטן ווערט אויך געבאָרן דער דריטער טייל פון דער פילאָזאָפיע, וועלכער איז געוואָר, דער הויפּט־עלעמענט פון דער אייראָפּעאישער פילאָזאָפיע, די גנאָסעאָלאָגיע, די דערקענטניש־טעאָריע, די קריטישע באַציאונג צום איי־גענעם מענטשלעכן שכל און די באַשטימונג פון זיין רעכט און זיינע גרענעצן. לויט איר שטעלונג וואָלט דער טייל פון דער פילאָזאָפיע געדאַרפט פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון דער פילאָזאָפיע. די געשיכטע ווייזט אונז אָבער עטוואָס אַנדערש. ביי פּלאַטאָנען, דעם גרויסן תלמיד פון סאָקראַטן, געפינען מיר שוין וואונדערלעכע פאַרפאָלקאָמטע גנאָסעאָלאָגישע קאָנסטרוק־ציעס, וועלכע זיינען געלייגט געוואָרן אַלס פונדאַמענט פון דער נייער גנאָסעאָלאָגיע. אַזאַ אַנטוויקלונגס־עטאַפּ האָט אויך די פילאָזאָפיע דורכגעמאַכט אין אַ צווייטן לאַנד פון קלאַסישן דיינקען, אין אינדיע. דידאָזיקע געשיכטלעכע צעגלידערונג פון די טיילן פון דער פילאָזאָפיע איז אויך געבליבן ביי די גרויסע פילאָזאָפן. זייער סיסטעם צעפאַלט זיך אויף די דריי הויפּט־טיילן, וועלכע דאַרפן אָבער נישט

זיין שאַרף אָפּגעטיילט פון אייגאַנדער. על־פּי־רוב זיינען די טיילן פון דער פילאָזאָפיע אַזוי צוזאַמענגעוואָקסן, אַז איינער אַנטהאַלט אין זיך אויך דעם צווייטן און עס איז שווער אָנצעווייזן, וואו עס ענדיקט זיך איין טייל און עס הויבט זיך אָן דער צווייטער. אָבער די צעטיילונג האָט אין זיך פיל מעלות און מיר וועלן זיך אויך האַלטן אין איר ביי אונזערע אַרבעט איבער שאָפּענהויערן.

א פילאָזאָפישע שיטה

אַלע דריי טיילן פון דער פילאָזאָפיע דאַרפן האַרמאָניש בילדן אַ פילאָזאָפישע שיטה, עטוואָס גאַנצעס, פאַרענדיקטעס, דאָס, וואָס מיר רופן אַ פילאָזאָפישע וועלט־אָנשויאונג. די פילאָזאָפיע אַפּעלירט גלייכצייטיק צו אַלע פונקציעס פון מענטשלעכן גייסט, סיי צום אַבסטראַקטן דיינקען, סיי צו דער עקספּערימענטאַלער אויספאָרשונג, סיי צום פּאָעטישן געפיל, צום געפיל פון יושר, ווי אויך צום בלינדן גלויבן. געוויס הייסט עס נאָך נישט, אַז יעדע פילאָזאָפישע סיסטעם באַשטייט פון די אָנגעוויזענע טיילן. פאַראַן מאַנכע פילאָזאָפישע סיסטעמען, אין וועלכע עס פעלט דווקא דער אָדער יענער טייל, אָבער אויך דאָ קאָן מען זיי אויסגעפינען אין אַ פאַרבאָרגענער פאָרם.

די פילאָזאָפישע שאַפונג

נישט בלויז לויט איר בוי, נאָר אויך לויט איר אַרט שאַפונג, דערווייטערט זיך די פילאָזאָפיע פון דער וויסנשאַפט און דערנענטערט זיך צו דער פּאָעטישער שאַפונג (אַזויווי אין דער אַלטער וועלט צו דער רעליגיעזער). די פילאָזאָפיע ווערט פאַרוואַנדלט אין פּאָעזיע.

אין שאָפּענהויערס סיסטעם, צו וועלכער מיר טרעטן איצט צו, איז דער פּאָעטישער עלעמענט אַממייסטן בולט. זיין גאַנצע פילאָזאָפיע טראָגט אויף זיך דעם כאַראַקטער פון

דער גרויסער ראָמאַנטישער שולע אין דייטשלאַנד. אויסער ניטשען, פאַרנעמט שאָפּענהויער דעם ערשטן אָרט צווישן די פילאָזאָפן־פּאָעטן. שאָפּענהויער רופט זיך נאָך היינט אין דייטשלאַנד דער גרעסטער פילאָזאָפישער סטיליסט.

**שאָפּענהויערס מעטאָדע**

אויסערדעם, פאַרנעמט שאָפּענהויער אַ באַזונדער אָרט אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפיע לויט זיין פילאָזאָפישער מעטאָדע. די שאַפונגס־מעטאָדע אין דער פילאָזאָפיע איז

**די צווייערליי פילאָזאָפישע מעטאָדעס**

אַ צווייערלייאיקע. מיר דאַרפן נאָר פאַרגלייכן דעם שטייגער דיינקען אינם אַלטן גריכנלאַנד און אין דער פאַרצייטיקער אינדיע. די ערשטע שאַפונגס־מעטאָדע איז אַנאַליטיש, די צווייטע איז אינטואיטיוו. די ערשטע אָפּערירט מיט באַגריפן, די צווייטע מיט פאָרשטעלונגען. די ערשטע רופט אַרויס צו הילף די גאַנצע קראַפט פונם אַבסטראַקטן דיינקענדיקן מח, די צווייטע — די אָנשויאונגען פון דער נשמה און דאָס טיפע אַריינדרינגען אין די אַנאַלאָגיעס. שפּינאָזאַ און העגעל דינען אונז אין דער נייער פילאָזאָפיע פאַר אַ מערקווירדיקן ביישפּיל פון אַנאַליטישן דיינקען. די אָנשויאונגס־מעטאָדע אָבער האָט באַשאַפן שאָפּענהויער. זיין פילאָזאָפיע איז אינגאַנצן אַלאָגיש, און ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז עס בכלל דער אינדישער שטייגער דיינקען אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויפן אייראָפּייאישן באָדן. שוין דאָס אַליין גיט צו שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע אַ געוואַלדיקן רייץ.

**די באַדייטונג פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע**

די ווירקונג פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע איז אויך געווען אַ קאָלאָסאַלע, סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, סיי אין דער דיינקענדיקער וועלט. אָבער די גרעסטע וויר־

קוּנג האָט די פילאָזאָפיע געהאַט אין די קינסטלערישע קרייזן פון פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרן. שאָפּענהויערס פילאָ־זאָפיע האָט לאַנג געדינט און דינט נאָך היינט פאַר אַ יונג־ווייזער פאָר קינסטלער.

היינטיקע צייטן איז מען אפשר אַממייסטן מסוגל אָנצונע־מען שאָפּענהויערס אידייען. אַלס געגנגיפט געגן זיין פּע־סעמיזם קאָן נאָר זיין דאָס טיפע איינדרינגען אין זיין פילאָזאָפיע.

איך האָב זיך באַמיט איבערצוגעבן שאָפּענהויערס פילאָ־זאָפיע ווי ווייט מעגלעך פול און אָביעקטיוו. מיר ווילט זיך באַפרייען דעם לעזער פון אַ טאָפּעלער אַרבעט: צו קלערן גלייכצייטיק וועגן שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע און וועגן איר קריטיק.

---

1.

# שאָפּענהויער און זיין לעבן.

די גלייכע ריכטונג פון לעבנס־וועג, דאָס אויסשליסן וועל־כע עס איז סתירות, פּאַזעס און רעאַקציעס צווישן פאַרשידענע מאָמענטן פון לעבן, מיט איין וואָרט דאָס אַלץ, וואָס מיר רופן אָן פ ע ר ז ע נ ל ע כ ע ג אַ נ צ ק ײ ט, איז ביי אונז נישט בלויז אַ אידעאַל, נאָר אויך אַ ג ע ר ע כ ט ע פ אָ ד ע ר ו נ ג. דערקענען מיר די אייגנשאפטן פון דעם אָדער יענעם כאַראַקטער, די גייסטיקע און מאָראַלישע אָרגאַניזאַציע פון דעם אָדער יענעם אינדיווידואום, בעמען מיר אין אַכט די אַלגעמיינע הנהגה און די איינצלנע דעטערמינירטע רעאַקציעס אין פאַרשידענע לעבנסמאָמענטן. אויב אָבער יעדער איינצלנער אינדיווידואום שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס מער פאַרוויקלטעס, אַזוי אַז מיר געפינען פיל סתירות צווישן זיין וועלטאָנשויאונג און זיין פּראַק־טישן לעבן, איז דערדאָזיקער ווידערשפּרוך נאָך גרעסער און שאַרפער ביי די גרויסע גאונים, וואָס זייער לעבן דינט זייערע געגנער פאַר דער בעסטער אָפּלייקענונג פון זייער לערע. אונזערע פאָדערונגען צום גאון זיינען אָבער נאָך גרעסער, ווייל מיר קוקן אויף אים, ווי אויף אַ פּראַק־טישן מוסטער פון זיין לערע. אויב עס האָט אַמאָל עקזיס־טירט אַזאַ פילאָזאָף, וואָס זיין לעבן האָט אינגאַנצן גע־

די גאַנצקייט פונם אינדיווידיאום אין זיינע פאַרשידענע מאָמענטן

דער גאון און זיין לעבן.

שטימט מיט זיין לערע, איז דאָס אפשר געווען שפּינאָזא. אַממייסטן ווייט פון זיין לערע איז געווען שאָפּענהויער. די אַלע מתנות פון לעבן, וועלכע ער איז אַזוי מבטל אַלס שברי כלים, און דאָס לעבן אַליין, וואָס איז לויט זיין לערע דאָס סאַמע גרעסטע שלעכטס, איז אים אָבער געווען אין זיין פּערזענלעכן לעבן זייער טייער און ליב. כבוד, פּרויענליבע, רייכקייט איז פאַר שאָפּענהויערן גאָרנישט געווען פון די לעצטע זאַכן; פאַרקערט, ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן ביזן טיפסטן עלטער געיאָגט נאָך זיי.

שאָפּע הויערס לעבן אַלס סתירה צו זיין לערע

פון די פאַקטן פון זיין לעבן איז לייכט צו באַהויפּטן, אַז שאָפּענהויער איז געווען ווייט פון זיין לערע און האָט אפשר אַליין נישט געגלויבט אין איר. אַזוי זאָגט, צום ביישפּיל, קונא פישער, אַז שאָפּענהויער האָט געזען זיין פילאָזאָפיע, ווי אַ טעאַטער־צושויער, ביי וועלכן עס בלייבט אפשר נאָכדעם איבער אַ שטאַרקער רושם, אָבער נאָכן טע־אַטער גייט ער אַוועק אַהיים און וואַרפט זיך אַריין אין גרויס לעבן אַריין. פאַר אונז בלייבט, אַלזאָ, די אַלטערנאַטיווע: וואו זאָלן מיר זוכן דעם אמתן שאָפּענהויער: אין זיינע ווערק, צי אין זיין לעבן?—פאַר אונז איז כמעט קלאָר, אַז ביידע שאָ־פּענהויערס האָבן נישט קיין געמיינזאַמעס, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אַ דעמאָניש צוציענדיקע געשטאַלט האָט זיך צע־טיילט אויף צווייען און מיר ווייסן נישט, אין וואָסער העלפט עס איז געבליבן דער קערן. דער רעטעניש ווערט נאָך גרעסער דערמיט, וואָס שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע איז דורך און דורך סוביעקטיוו: זי איז די אָפּשפּיגלונג פון שאָפּענ־הויערס כאַראַקטער, זיין גאַנצע גייסטיקע און מאָראַלישע פיזיאָנאמיע.

שאָפּענהויער אַליין זאָגט וועגן דעם: „איך פלעג זיך צייטנ־ווייז פילן אומגליקלעך צוליב דעם, וואָס איך האָב מיך אָנגענומען פאַר אַן אַנדערן, ווי איך בין געווען אינדער־אמתן. איך פלעג דאַן באַוויינען דעם אַנדערן, וועד ער זאָל נישט זיין: צי אַ פּריוואַט־דאָצענט, וואָס וויל ווערן פּראָפעסאָר און האָט נישט קיין צוהערערס, אָדער אַזעלכער, וועגן וועלכן אַ פיליסטער האָט זיך שלעכט אָפּגערופן, אָדער אַ באַשולדיקטער אין אַ באַליידי־גונגספּראָצעס, אָדער א פאַרליבטער, וועלכער האָט נישט קיין ערפאָלג ביי זיין געליבטע, אַ פּאַציענט, וועלכער קען צוליב זיין קראַנקהייט נישט אַרויס פון שטוב אָדער אַ מענטש, וואָס איז פאַרנומען מיט אַנדערע אַזעלכע קליי־ניקייטן. דער איז אָבער אַלץ נישט געווען איך. איך בין דער, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס בוך „די וועלט אַלס ווילן און פאָרשטעלונג" און האָט אַזוי פאַרענטפערט דאָס פּראָבלעם פון לעבן, אַז עס שטייגט אַריבער אַלע פריערדיקע פּראָ־בעס וועגן דעם און וועט אויך בלייבן פאַר דער צוקונפט אַ מוסטער פון יעדער אַרט פילאָזאָפיע."



און אין אַן אַנדער אָרט: „מיין בעסער און וואָרהאַפטיק לעבן זיינען מיינע פילאָזאָפישע באַשעפטיקונגען. דאָס איבעריקע איז נישט מער ווי אַ קליינע הוספה צו זיי."

שאָפּענהויער מיינט דערמיט אונטערצושטרייכן, אַז זיין אמתע פערזענלעכקייט האָט קיין שום געמיינזאַמעס נישט מיט זיין טעגלעכן לעבן. מיט אַזאַ השערה איז שווער מסכים צו זיין. די הויפּטפּרוזשינע פון יעדער טאַט איז בכלל פאַרבונדן מיט די איבערלעבענישן: די וואָרצלען פון יעדן מין שאַפן מוזן צונויפגעוואַקסן ווערן מיט אַלע אייגנ־שאַפטן פון אידיווידוּאום און אויב מיר געפינען נישט

**די פאַרשידענע אינטענסיוויטעט פון איבערלעבעניש.**

קיין סמכות הפרשה צווישן שאָפּענהויערס לעבן און זיין שאַפן, איז דאָס נאָר צוליב דעם, וואָס די וואָרצלען פון זיין שאַפן ליגן פיל טיפער, ווי אונז דאַכט זיך. דער סינטעז פון שאָפּענהויערס לעבן און שאַפן — ווי דאָס איז דער פאַל מיט יעדן גאונישן שאַפן, איז אַן אָרגאַניש־אומבאַוואוסטזיניקער. דעם שליסל צו דערקלערן דעם רעטעניש פון דער סתירה צווישן לעבן און שאַפן פון גאון דאַרפן מיר זוכן אין דעם, וואָס ביי גלייכע באַדינגונגען קענען די איבערלעבענישן ביי פאַרשידענע מענטשן זיין פאַרשידן; וואָס גרעסער עס איז דער דראַנג, אַלץ אינטענסיווער זענען די איבערלעבענישן. די קלייניקייטן, וועלכע גייען אַריבער פאַר אַלעמען אומבאַמערקט, קענען פאַוואַנדלט ווערן ביים גאון אין גראַנדיעזע שטורמישע געשעענישן, וועלכע דינען אפשר פאַר אַ מקור פון קינסטלעכן, וויסנשאַפטלעכן און פילאָזאָפישן שאַפן. נישט די אויסערלעכע געשעעניש זיינען וויכטיק, נאָר די אינטענסיוויטעט, מיט וועלכער דאָס ווערט אויפגענומען. יעדן איז באַקאַנט די געשיכטע, וויאַזוי נ י ו ט אָ ן האָט באַמערקט אַ פאַלנדיקן עפּל פון בוים און ווי דאָס האָט אים געבראַכט צו דער אַנטדעקונג פון זיין גרויסן צוציונגגעזעץ.

שאָפּענהויער דערציילט וועגן זיך: ער פלעגט באַמערקן זיין פילאָזאָפיע אין יעדער קלייניקייט פון לעבן: וויאַזוי די קליינינקע מאַגנעט־נאָדל שטרעבט שטענדיק און האַרטנעקיק צום צפון, ווי אַזוי דאָס וואַסער פון וואַסערפאַל לויפט ליידנשאַפטלעך אַראָפּ און דאָסגלייכן. אַלץ רעדט אים, פון איין זייט, מיט א פייערדיקן חשק צו ז י י ן און פון דער צווייטער זייט שלאָגן אים די פיינלעכע ליידן

פון דעמדאָזיקן זיין און אַ פאַרלאַנג זיך צו באַפרייען פון דעם שרעקלעכן יאָך.

מיר שיינט, אַז דאָס איז אפשר דער פונקט, אין וועלכן שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע און פערזענלעכקייט באַגעגנען זיך. די ליידנשאַפטלעכע ווילדע דעמאָנישע נאַטור פון שאָפּענהויערן געפינט דאָ אַן אויסוועג סיי אין דער אָנער־קענונג, אַז די וועלט אַליין איז אַ שרעקלעכע ליידנשאַפט־לעכע עובדה, וואָס ווייסט נישט פון קיין רו און קיין אויפהער, וואָס איז בלויז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן זין און פון דער צווייטער זייט, רעדט אַלץ וועגן דעם פאַרלאַנג צו מאַכן אַ סוף מיט דעם אַלעמען. די ביידע עלעמענטן — דער ערשטער אַ בלינדער, אַ ווילדער, דער צווייטער — אַ באַוואוסטזיניקער, אַן אָפּשאַצנדיקער — זיינען זיך סותר איינער דעם צווייטן. און די סתירה ווערט נאָך ביי אונז גרעסער ביי דעם ווייטערן אַריינדרינגען אין שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע. דער מהות און עצם פון „זיין“ — דאָס איז דער ווילן, אָט דערזעלבער אייגענער ווילן, וועלכן מיר זיינען תופס אַלס אונזער אמתן „איך“, אין דאָס, וואָס מיר זיינען משיג אַלס שכל, איז נישט מער ווי אַ ביי־זאַך, עפּעס אַ אינסטרומענט, וועלכן דער ווילן האָט באַשאַפן צו זיין דינסט; אָבער דערדאָזיקער שכל קאָן זיך נישט בלויז באַ־פרייען צייטווייליק פון דער השפעה פון ווילן אין דער קונסט, נאָר אויך אינגאַנצן פאַרטיליקן דעם ווילן.

דאָס אום־באַוואוסטזיניקע שאַפן

שאָפּענהויער אַליין האָט נישט געקאָנט געבן קיין דער־קלערונג וועגן דערדאָזיקער משונהדיקער סתירה. ער האָט נאָר אָנגעוויזן אויף דעם, ווי אויף אַ וואונדער, און אפשר איז דער וואונדער אויך דער וואונדער פון שאָפּענהויערס לעבן און פערזענלעכקייט. אפשר איז דאָס דער פונקט, אין

וועלכן שאָפּענהויערס לעבן און פערזענלעכקייט, וואָס זיי־ נען אַזוי פאַרשידן, טרעפן זיך צוזאַמען. אויב עס זיינען אמת ד ז ש ע מ ס ווערטער וועגן דעם, אַז אין דעם אומבאַ־וואוסטזיניקן נשמה־טייל פון די גרויסע פילאָזאָפן פיקסירט אַ מאָדנע אומבאַקאַנטע איבערלעבעניש, וועלכע איז דער מקור פון זייער שאַפונג, דאַרפן מיר מיינען, אַז אין שאָפּענהויערס נשמה איז דאָס געווען ענלעך צו אַ גרויסן פייער, וואָס פלאַקערט אויף מיט אַ ווילדן כעס און ווערט איינגעלאָשן און באַ־ואיקט זיך דורך אַן אַנדער קראַפט. דאָס איז אפשר די גרעסטע איבערלעבעניש, וואָס האָט אַ שייכות צו זיין פילאָזאָפיע.

**שאָפּענהויערס יוגנט**

אַרטור שאָפּענהויער איז געבאָרן געוואָרן אין דאַנציג דעם 22 פעברואַר, אין יאָר 1788. ער איז געווען אַ זון פון אַ דאַנציגער סוחר און זיין מוטער איז געווען אַ באַרימ־טע שריפטשטעלערן אין איר צייט. נאָך אין דער יוגנט האָט דער קליינער אַרטור אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן און האָט אויך באַשלאָסן זיך איינגאַנצן איבערצוגעבן דער וויסנשאַפט. אין זיינע קינדערשע נאָטיצן פון זיין נסיעה איבער איינגלאַנד, פראַנקרייך, שווייץ און עסטרייך, — אַ נסיעה, וואָס שאָפּענהויערס פאָטער האָט אומישנע אונ־טערגענומען, כדי אָפּצעציען זיין זון פון דער וויסנשאַפט, געפינען מיר שוין אַ סך טאַלענט און באַאָבאַכטונג. אין זיי דערקענען מיר שוין אויך דעם קינפטיקן פילאָזאָף — פעסימיסט.

**שאָפּענהויער אַלס סטודענט און פראָפעסאָר**

זיין פאָטער האָט אָבער זיין ציל נישט דערגרייכט. זיך אומגעקערט אַהיים פון דער נסיעה, האָט זיך דער יונגער אַרטור איינגאַנצן אַ וואָרף געטאָן אויף דער וויסנשאַפט, באַזונדערס אויף נאַטורוויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. אין יאָר

דער קאָנפליקט מיט די גרויסע פילאָזאָפן פון זיין צייט

1813 לייענט ער זיין דיסערטאַציע „װעגן דעם פירפאַכן װאָרצל פון געזעץ פונם גענוגלעכן גרונד.“ װאָס האָט באַדאַרפט בעסער באַלייכטן און אָפּשאַצן קאַנטס אַפּריאָריזם. צו יענער צייט געהערט אויך זיין ערשטע פּראָפעסאָרישע טעטיקייט, פון װעלכער ער האָט זיך געמוזט אינגיכן אָפּזאָגן צוליב סכסוכים מיט די גרויסע פילאָזאָפן פון זיין צייט — מיט העגעלן, פיכטע און שעלינג, דער־עיקרשט צוליב דעם ערשטן, װאָס זיין פילאָזאָפיע האָט דאַן געהערשט איבער אַלע אייראָפּעאישע קאַטעדרעס.

שאָפּענהויערס זידלערייען געגן די גרויסע פילאָזאָפן און זייערע לערעס, זידלערייען, װאָס זיינען נאָך אויך היינט אומשטאַנד אַרויסצורופן ביי אונז כעס און עקל, האָבן אונטערגעגראָבן שאָפּענהויערס אויטאָריטעט ביי דער יוגנט.

שאָפּענהויערס באַציִונג צו מענטשן און צו זיינע קרובים

ביז דעם לעצטן טאָג האָט שאָפּענהויער געטראָגן אין זיך דעם כעס געגן די אוניװערזיטעט־פילאָזאָפן און איבערהויפּט געגן די פּאָרמעלע אוניװערזיטעטס־געלערנטע, װעלכע זיינען אָנגעשטאָפּט מיט קענטנישן, „װי אַן אָנגעשטאָפּטער פייגל מיט שטרוי.“ אַ פאַרביטערטער פאַרלאָזט שאָפּענהויער בערלין און פאָרט קיין איטאַליע, איבערלאָזנדיק ביים אַרויסגעבער דעם כתב־יד פון זיין הויפּטװערק „די װעלט אַלס װילן און פאָרשטעלונג.“ דערזעלבער כעס און אומצופרידנהייט באַגלייט שאָפּענהויערן דאָס גאַנצע לעבן. אומזיסט װעלן מיר זוכן ביי דער דעמאָנישער נאַטור עטװאָס ענלעכעס צו ליבע, פריינטשאַפט, צאַרטקייט. זיין באַציִונג צו זיין מוטער — זיין פאָטער האָט ער פאַרלאָרן — איז אויך פול מיט האַס. מען דאַרף אָבער באַ־

מערקן, כדי נישט צו זיין אינגאַנצן אומגערעכט קעגן שאָ־
פענהויערן, — אַז זיין שטאָלצע און באַרימטע מוטער האָט
נאָך איר מאַנס טויט זיך אַזוי געפירט, אַז דער יונגער
אַרטור האָט אין דעם געזען אַ באַליידיקונג פאַר זיין טויטן
פאָטער, צו וועלכן ער האָט דאָך ביז זיין טויט זיך פאַר־
האַלטן מיט כבוד. און אפשר האָט די אויפפירונג פון זיין
מוטער איס געגעבן דעם ערשטן שטויס צו פרויענפיינט־
שאַפט, וועגן וואָס ער רעדט פיל מאָל אין זיינע ווערק.
נאָך פיל קליינע טראַגעדיעס האָבן אים אַלץ מער געטריבן
אויפן וועג פון איינזאַמקייט און אָפגעזונדערטקייט. צו
אייניגע מענטשן פון זיין דור באַציט ער זיך אפילו מיט
כבוד, — צווישן זיי פאַרנעמט דעם ערשטן אָרט געטע —
און צו אַ קליינעם קרייז פון זיינע תלמידים און אָנהייגער.

דער וואַקסנדיקער אינטערעס שאָפענהויערס פילאָזאָפיע אויף זיין עלטער

ערשט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן הויבט אָן
אויפצוגיין די זון פון שאָפענהויערס פילאָזאָפיע. די פאָ־
זיטיווע געשעענישן האָבן געשאַפן אַ באָדן, וואָס איז גע־
ווען גינסטיק פאַר זיין פילאָזאָפיע. דער אַלטער שאָפענ־
הויער באַמערקט מיט פאַרגעניגן, ווי זיין פילאָזאָפיע הויבט
אָן אַלץ מער אַריינצודרינגען אין דער געזעלשאַפט און
אין די קרייזן פון געלערנטע. דער אינטערעס, וואָס האָט
מיטאַמאָל געשטיגן צו זיין פילאָזאָפיע, איז אפשר געווען
פאַר דעם איינזאַמען זקן די איינציקע באַפרידיקונג פאַר
זיין גאַנצן לעבן. אויב ער האָט פריער געזאָגט, אַז די
אָפשאַצונג און אַנערקענונג פון זיין פילאָזאָפיע געהערט
דער צוקונפט (שאָפענהויער האָט ליב געהאַט צו פאַרגלייכן
די אָפשאַצונג פונם געגנוואַרטיקן דור מיט דער אָפשאַצונג
פון די קינפטיקע דורות צו דער ליבע פון אַ גאַסן־פרוי,

וואָס קיינער נעמט זיך נישט איבער מיט איר און צו דער ליבע פון אַ שטאָלצער אַריסטאָקראַטישער דאַמע, וואָז איז אַ כבוד פאַר אַ מענטשן), אינטערעסירט ער זיך שטאַרק אויף דער עלטער מיט דער באַציונג פון פאַרשי־דענע קרייזן פון דער געזעלשאַפט צו זיין פילאָזאָפיע.

אָבער אויך דער דערגרייכטער ערפאָלג פירט אים נישט אַרויס פון זיין איינזאַמקייט און אָפּגעזונדערטקייט, אין וועלכע ער האָט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן אין פראַנק־פורט, וואו ער איז געשטאָרבן דעם 21־טן סעפּט., 1861.

---

II

## די עלעמענטן פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע און זייער היסטאָרישע אַנטוויקלונג.

די באַדייטונג פון קאַנט, פלאַטאָן און די אינדישע וועדן אין שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע

אינם פאָרוואָרט צו זיין הויפּט־ווערק פאָדערט שאָפּענהויער פונם לעזער אַ פריערדיקע גרינדלעכע באַקאַנטשאַפט מיט קאַנטן, פלאַטאָנען און די אינדישע וועדן, איבערהויפּט מיט קאַנטן, וועלנדיק דערמיט אונטער־שטרייכן, אַז זיין פילאָזאָפיע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר עפּוואָס גאַנץ נייעס און אָריגינעלעס, וואַקסט דאָך אַרויס פון די וואָרצלען פון די דריי גרויסע שיטות.

שאָפּענהויער לייקנט קאַטעגאָריש אָפּ די מעגלעכקייט, אַז זיין פילאָזאָפיע זאָל זיין אַ סינטעז, — נאָך ווייניקער אַן עקלעקטיזם — פון שוין פריער באַוואוסטע אידייען.

קאנט, פלאטאָן און די אינדישע פילאָזאָפיע זיינען לויט זיין מיינונג בלויז צוגרייטונגס-פּאַזעס, וועלכע פאַר-לייכטערן נאָר דעם צוטריט צו זיין פילאָזאָפיע.

אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפישן דיינקען חזרט זיך פיל מאָל איבער דער גרויסער טעות פון דיינקער וועגן דער אַנטשטייונג פון זיין לערע. די אומגעוויינלעכע אינטענ-סיווע איבערלעבעניש פון דער לערע, איר אָפּפרישונג און איבערגיסונג אין נייע פאָרמען, דער איבערגאַנג פון די אַלטע אידייען דורך דעם גאונישן שעפערישן מח, וועלכער גיט זיי צו אַ שטריינג אינדיווידועלן כאַראַקטער, דאָס דורכברעכן זיך פון די אַלטע שטראַלן דורך דער פריזמע פון אָריגינעלן דיינקען, וואָס צעלייגט זיי אויף זייערע הויפּט-קאָלירן — דאָס אַלץ ברענגט אָפּטמאָל אַריין אין טעות אין דער געשיכטע פון די אידייען סיי דעם לעזער און סיי דעם אויטאָר.

די הויפּט-עלע-מענטן פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע

די הויפּט-עלעמענטן פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע, וועלכע מיר וועלן אָנמערקן מיט מער אָדער ווייניקער פעסטגע-שטעלטע טערמינען: פענאָמענאַליזם, פּאַנטעאיזם וואלאנטאריזם, פעסעמיזם און די לערע פון אויסלייזונג בילדן אפשר דעם הויפּט-מאטיוו פון פילאָזאָ-פישן דיינקען בכלל און זיינען שוין נאָך אין דער אַלטער וועלט דערפירט געוואָרן ביז צו דער העכסטער שלימות.

איין און די זעל-בע אידייע ביי פאַרשידענע דיינקער

קענען מיר דעריבער זאָגן, אַז פון דעם ליידט עטוואָס די אָריגינאַליטעט פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע? פאַר קיין פאַל נישט. ערשטנס, דאַרפן מיר אונטערשיידן אין דער השגה פון דיראָזיקע אידייען אַלע פאַרשידענע מדרגות, אָנגעהויבן פון אַן איינפאַכן שילערישן לערנען ביזן אי-

בערלעבן זיי נאָכמער, ווי דאָס האָט געקאָנט טאָן דער ערשטער אויטאָר.

צו דעם דאַרפן מיר נאָך צוגעבן, אַז אַ פילאָזאָפישער טער־מין איז נאָך גאַנץ ווייט פון אַ שטריינג דעפינירטן מאטע־מאַטישן טערמין, וועלכע באַדייט שטענדיק איינס און דאָסזעלבע; פאַרקערט, אַ פילאָזאָפישער טערמין קאָן אַמאָל גאַנץ פאַרשידן אויסגעטייטשט ווערן. אָנרופנדיק אַ פילאָ־זאָפישע לערע מיט איר פילאָזאָפישן טערמין און נישט פאַרטיפנדיק זיך אין די דעטאַלן און די אויספירונגען פון פילאָזאָף, הייסט עס נאָך נישט פאַרשטיין זיין פילאָזאָפיע. אויסערדעם, דאַרפן מיר אין איין און דערזעלבער לערע אונטערשיידן פאַרשידענע היסטאָרישע פאָרמען: יעדע אידייע האָט אַ היסטאָרישע פאַרגאַנגנהייט, געגנוואַרט און צוקונפט. איין און דיזעלבע לערע באַווייזט זיך אויפן האָריזאָנט פון דיינקען אין פאַרשידענע פאַזעס, און דאָס וויכטיקסטע אין דער לערע איז טאַקע די פאַזע, וועלכע איז געווענדט צו אונז. אין אַ צייט אַרום ווערט די פאַזע צוליב דער באַוועגונג פון דער לערע אַליין אָפּטרעטן איר אָרט אַ אַנדער פאַזע.

קאַנט, פלאַטאָן, די אינדישע פילאָזאָפיע, טיילווייז אויך שפינאָזע און פיכטע זיינען אפשר כולל די גאַנצע שאָפּענהויערישע פילאָזאָפיע אין אירע איינצעלנע עלעמענטן. פאַר אונז איז אָבער וויכטיק די שאָפּענהויערישע אויפפאַסונג. לאָמיר נאָכקוקן די אַנטוויקלונג פון די הויפּט־אידייען פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע, כדי זיי בעסער צו פאַרגלייכן מיט יענעם זין, וועלכן שאָפּענהויער האָט זיי צוגעגעבן.

דער פענאמענא-ליזם

אָדער דער פענאמענאליזם. אַלץ, וואָס מיר זיינען תּופס, איז נישט דער עצם פון דער זאַך, נאָר אַ דערשיינונג (פענאמען=דערשיינונג). די זאַכן אַליין זיינען אָדער אינגאַנצן נישטאָ, אָדער באַהאַלטן, אָדער שטייען אין געוויסע באַציאונגען מיט די דערשיינונגען. דאָס, וואָס עס ליגט אונטער די דערשיינונגען, איז פאַר אונז אומבאַקאַנט און עס איז גאָר נאַריש וועגן דעם צו קלערן.

אין די אינדישע ווערן געפינען מיר שוין די לערע פון מאַיאַ — א דעקטוך, וואָס פאַרדעקט אַלץ פון אונזערע אויגן. אַלץ, וואָס מיר פילן, דיינקען און טוען, זיינען נישט מער, ווי אונזער חלום. די גאַנצע וועלט צוזאַמען מיט אַלע אירע פאָרמען, שטרעבונגען און ליידנשאַפטן איז נישט מער ווי אַ גרויסער חלום און האָט אונטער זיך נישט מער ווירקלעכקייט ווי חלום, און דעריבער האָט עס טאַקע דעם ווערט פון אַ חלום.

און דערין, ווי שאָפענהויער לערנט אונז, קענען מיר פאַר קיין פאַל נישט פעסטשטעלן דעם אונטערשיד צווישן חלום און ווירקלעכקייט, ווייל איין און דיזעלבע פונקציע פון באַוואוסטזיין איז טעטיק איןביידע פאַלן. אין דעם קוק אויף דער וועלט פון ווירקלעכקייט, ווי אויף אַן איבערגעלעבטן חלום, געפינט זיך דער מקור פון דער רעליגיעזער און פאָעטיש=קינסטלערישער וועלט=אָנשויאונג.

די רעליגיעזע אַנשויאונג אין מיטלאַלטער

פלאַטאָן געפינט דעם אונטערשייד צווישן אַ חלום און דער ווירקליכקייט אין זיין גרויסער צוטיילונג פון דער וועלט אויף אידייען און צופעליקייטן. די רעליגיעזע אַנשויאונג פון מיטל אַלטער איז אויך געוועזן זייער גענויגט צו קוקן אויף דער וועלט, ווי אויף אַ לאַנגן בייזן פאַרפירערישן

חלום, פון וועלכן דער הייליקער לאָזט זיך נישט פאַרפירן.

דער פענאָמענאַליזם אין דער נייער פילאָזאָפיע

גאַנץ אַנדערש אָבער האָט די נייע פילאָזאָפיע אויפגענומען דידאָזיקע אידייע.

די רענעסאַנס־עפּאָכע מיט איר לעבנסלוסט און לעבנסבאַשטעטיקונג, מיט איר עולם־הזהדיקן נאָכיאָגן זיך נאָך דער לעבנסקונסט, מיט איר עקלגעפיל צו דער מיטאַלטערישער וועלטאַנשויאונג איז געווען ווייניק גענייגט צו קוקן אויף דער וועלט, ווי אויף אַ חלום. די וועלט אַלס קאַמפּאַנענע, אַלס מקור פון קונסט, שיינהייט און שאַפן איז געוואָרן די אומניציקע עקזיסטירנדיקע ווירקלעכקייט, נאָכמער דער נאַאיווער רעאַליזם — אַז די זאַכן און דערשיינונגען זיינען פונקט אַזוי אין דער ווירקלעכקייט, ווי מיר נעמען זיי אויף — איז געוואָרן דער דעוויז פון דער גלאַנצפולער עפּאָכע מיט איר פיינטשאַפט צום הימל און ליבע צו ערד. אין דער נייער פילאָזאָפיע האָט זיך דאָך דער נאַאיווער רעאַליזם גענויטיקט אין אַ באַגרינדונג. *דעקאַרט* האָט געזאָגט, אַז גאָט איז נישט קיין אָפּנאַרער, אַז ער זאָל אונז ווייזן נישט דאָס, וואָס שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט. *שפּינאָזע* האָט באַמערקט, אַז די ווירקלעכקייט באַווייזט זיך גלייכצייטיק אין צוויי פאָרמען. אָבער אויך ביי זיי געפונען מיר שוין די התחלה פון סוביעקטיוויזם: *נישט אַלץ, וואָס מיר פילן אין די זאַכן, געהערט צו זיי באמת.* דאָס רוב אייגנשאַפטן פון זאַכן זיינען סוביעקטיוו, דאָס הייסט דאָס, וואָס אונזער גייסט *טראָגט אַריין אין זיי.* דער אונטערשייד צווישן *סוביעקטיוון* און *אָביעקטיוון* אויפנעמען איז נאָכמער פאַרטיפט געוואָרן און באַקומען

אַ פּסיכאָלאָג־שע פאָרמולירונג בײַ לײַבניץ און בײַ די
איינגלישע עמפּיריסטן, אַממייסטן בײַ יום. בײַ אַנדערע
לײַבניץ און יום
צוויי פילאָזאָפן געפינען מיר דעם פולן פענאמענאַליזם
אין דער ערשטער אינדישער געשטאַלט — די וועלט
אַלס חלום. די וועלט נויטיקט זיך נישט אין אַ רעאַלן
מאַלעבראַנש און בערקלי
סובסטראַט, ווי אין דער פראַנצויז מאַלעבראַנש און דער
איינגלענדער בערקלי
קאַנט האָט דער ערשטער געוואָלט מאַכן אַ מחיצה
צווישן דער וועלט פון דערשיינונגען און דער וועלט פון
רעאַלן זײַן דורך זײַן אונטערשייד צווישן פענאָמענען און
נאָמענען; די ערשטע זײַנען דאָס, וואָס מיר באַגרײַפן און
פילן אין זאַכן, ווײַל זיי זײַנען שוין דורכגעגאַנגען די גע־
זעצגעבונג פון אינטעלעקט; דאָס איז דאָס, וואָס שטייט
אונטער די דערשיינונגען, וואָס מיר זײַנען נישט אימשטאַנד
עס תופס צו זײַן, ווײַל עס געפינט זיך אויסער די אינטע־
קאַנט
לעקט־געזעצן, און דאָך איז עס דער מהות פון דער
וועלט. אָבער אויך בײַ אים האָבן זיך די נאָמענען אָדער
ווי ער רופט זיי אָן „דינג אין זיך" אַ וואַקל געטאָן אונטער
דער ערשטער באַרירונג פון דער פילאָזאָפישער קריטיק: זײַן
„דינג אין זיך" האָט זיך פשוט פאַרוואַנדלט אין אַן אַב־
סאָלוטן גאָרנישט. קאַנטס גרויסער פאַרדינסט פאַר דער
פילאָזאָפיע באַשטייט אין זײַן אַפּריאָריזם, וועלכן מיר
וועלן גענוי באַטראַכטן אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל.
דעמדאָזיקן אַפּריאָריזם האָט שאָפּענהויער איבערגענומען
און פאַרטיפט, צוגעבנדיק אים נאָך פון דער אַנדערער
זײַט דעם כאַראַקטער פון אינדישן חלום. דער צוזאַמענבונד
פון אייראָפּייאישע לערעס מיט אינדישע אידייען איז
אפשר די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פון שאָפּענהויערס

שאַפן. איין און די זעלבע אידייע נעמט אָן פאַרשידענע פאָרמען אין פאַרשידענע עפּאָכעס און פעלקער.

דער פאַנטעאיזם אין דער אַלטער און נייער פי-לאָזאָפיע

די צווייטע הויפּט-אידייע שאַפענהויערס איז דער פ אַ נ-ט ע א י ז ם, וועלכע איז נאָך אפשר מער פאַרשידנאַרטיק, ווי דער פ ע נ אָ מ ע נ א ל י ז ם. דער פאַנטעאיזם, וועלכער איז אפשר די פרוכטבאַרסטע לערע אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע איז אויך פריער באַשאַפן און גענוי באַאַרבעט געוואָרן אין אינדיע. די אידייע באַשטייט פון אַ פאַר-א י י נ י ק ו נ ג פ ו ן צ ו ו י י ה ע ל פ ט ן, פון וועלכע יעדע איינע קאָן זיין אָפּגעטיילט און קאָן אויפגעפאַסט ווערן באַזונדער, ווי עס איז אויך געווען פיל מאָל דער פאַל.

מאָניזם

די ערשטע העלפט איז דער מ אָ נ י ז ם, „פאן“, וועלכער לערנט אונז, אַז די גאַנצע נאַטור צוזאַמען, נישט אויס-שליסנדיק אויך דעם מענטשן, איז עטוואָס גאַנצעס, אַזוי ווי איין אָ ר ג אַ נ י ש ע ר ק ע ר פ ע ר, אָדער ווען מיר גייען נאָך ווייטער: אַלע דערשיינונגען און זאַכן זיינען איינס און דאָסזעלבע נאָר אין פאַרשידענע פאָרמען. דער מאניזם, אַלס איינהייט פון אַלע וועלט-כּוחות, איז אויך אָנגענומען געוואָרן אין דער מאָדערנער וויסנשאַפט: ער טראָגט אָבער בלויז אַ פ י ז י ש-ו ו י ס נ ש אַ פ ט ל ע כ ן און נישט פילאָזאָפישן כאַראַקטער.

די ערשטע גרי-כישע פילאָזאָפן

די לערע פון די ערשטע גריכישע פילאָזאָפן: פ א ל ע ס, א נ א ק ר ע א ן, ה ע ר א ק ל י ט, אַז דער איינציקער חומר פון דער וועלט איז וואַסער, לופט, פייער, האָט צוגעגעבן דער מאַטעפיזיק א מאָניסטישע ריכטונג, וועלכע איז דורך פאַרשידענע עטאַפּן דערגאַנגען ביז צו דער מאָדערנסטער וויסנשאַפט פון אונזער צייט.

די צווייטע העלפט פון דער אידייע איז די גאָטהייט (טעאיזם), און דאָס איז אפשר די עלטסטע און אַלגעמיינסטע אידייע אין דער געשיכטע פון קולטורעלער אַנטוויקלונג

טעאיזם

פון דער מענטשהייט אין אַלע אירע עטאַפּן און פאָרמען. אָנגעהויבן פון גראָבן פעטישיזם פון די ווילדע שבטים און געענדיקט מיט שפּינאָזעס לערע, בלייבט זי דאָך איינע און דיזעלבע, איין געפיל, וואָס דער מענטש פילט אין זיך, אינאָבהייננגיק פון זיין קולטורעלער מדרגה. די צווייטע העלפט באַציט זיך צו דער ערשטער, אַזוי ווי רוחניות צו גשמיות, ווי נשמה צום גוף. די צוויי העלפטן שטייען אפילו אין אַ סתירה, אויב נישט אין אַ קאַמף, אָבער אין דערזעלבער צייט אויך אין אַ געוויסער באַציונג, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען.

פלוראליזם

דער היפך צום מאָניזם איז דער פלוראליזם, די לערע פון פילהייט — די וועלט באַשטייט פון פאַרשידענע עלעמענטן, וועלכע קומען אפשר אין באַרירונג איינס מיטן צווייטן, אָבער זיינען דאָך פאַרשידן. סיי אין דער פילאָזאָפיע, סיי אין דער וויסנשאַפט האָט דער פלוראליזם פאַר זיך פאַרדינסטן. דעם מאָניזם אַנטשפּרעכט דער גלויבן אין איין גאָט, איין סובסטאַנץ, דעם פלוראליזם — דער גלויבן אין פיל סובסטאַנצן, נאָר אין ביידע פאַלן זיינען די ביידע עקזיסטירנדיקע העלפטן נאָך גאַנץ ווייט פון איינאַנדער. סיי דער וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשונגספאַרלאַנג און סיי דער רעליגיעזער געפיל זיינען געגן דעם, צו באַהויפּטן, אַז די ביידע העלפטן פון דער וועלט — די גשמיות און די רוחניות, דער גוף און די נשמה, זיינען איין און דיזעלבע זאַך. די פילאָזאָפיע, וועלכע פאַרנעמט דעם מיטלפּונקט צווישן וויסנשאַפט און רעליגיע האָט די

ערשטנס באַשאַפן דעם באַגריף „פּאַנטעאיזם“–די גאָטהייט און די נאַטור זיינען איין זאַך, און נישט נאָר איינס קאָן נישט עקזיסטירן אָן צווייטן (דאָס איז סיי די וויסנ־שאַפט און סיי די רעליגיע אין פיל פאַלן מודה), נאָר יעדע זאַך געהער גלייכצייטיק צו די ביידע העלפטן. דער אונטערשייד ליגט נאָר דערין, פון וואָסער זייט מיר זיינען עס תופס.

שפינאָזעס פּאַנ־טעאיזם

נאָר דאָס איז שוין דער שפּינאָזישער פּאַנטעאיזם, און נישט אומעטום האָט דער פּאַנטעאיזם אָנגענומען אַזאַ ריין קריסטאַליזירטע פאָרם.

דער ביישפּיל אַליין קאָן אונז באַווייזן, וועלכע פאַרשיידענע וואַקלונגען און עטאַפּן עס גייט דורך אין זיין געשיכטע איין און דערזעלבער פילאָזאָפישער באַגריף. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף דעם אינדישן פּאַנטעאיזם, אַלס דעם באַנטסטן צו שאָפּענהויערן.

דער אינדישער פּאַנטעאיזם

אין אינדיע האָט דער וועדישער פּאַנטעאיזם׳ וועלכער איז באַשאַפן געוואָרן אַלס געגנזאַץ צום סאַנ־קישן דואַליזם, געלערנט וועגן דעם, אַז אַלץ איז גאָטהייט.

„עס איז גישטאָ גאָרנישט, וואָס זאָל נישט זיין–בראמא, נאָר בראמא עקזיסטירט, ער איז דאָס זיין. ער איז דער געדאַנק, ער האָט נישט קיין באַזונדערע אטרי־בוטן, ער איז אין אַלץ, און אַלץ איז אין אים. דע־פינירן קאָן מען אים נאָר מיט „ניין, ניין“ אוןריידן דורך שווייגן, און די גאַנצע פילפאַרביקע, באַוועגלעכע רוישיקע וועלט, די גאַנצע מינגע וואַנדערנדיקע נשמות, זיינען נישט מער ווי אַ חלום, ווייל אין אמתן עקזיסטירט

בראמא

נאָר איין זאַך – „בראמא“, וועלכער איז אַלץ און העלכער איז אויך „ד ו „אַ ל י י ן“.

דאָס לעצטע איז דאָס וויכטיקסטע, דעם אמתן „בראמא“, וועלכער איז אַלץ, דאַרפסטו זוכן א י ן ז י ך אַ ל י י ן. דו דאַרפסט וויסן, וואָס ביסטו אַליין, און דאַן וועסטו אויך וויסן, וואָס איז „בראמא“, וואָס איז דאָס אַלץ, וואָס מיר רופן אָן וועלט. און אויף דער פראַגע, וואָס ביזטו אַליין, ענטפערט די וועדא: „ד אָ ס א י ז ד י י ן א י נ ע ו ו י י-נ י ק ס ט ע ר פ י י ע ר, ד ע ר אָ נ פ אַ נ ג פ ו ן י ע ט ו ו ע-ד ע ר ט ע ט י ק י י ט“.

דער וואלאַנטאַ-ריזם אַלס גרונט פון מעטאַפיזיק

אין דעם פונקט גייט דער פאַנטעאיזם איבער אין ו ו אָ-ל אָ נ ט אַ ר י ז ם, וועלכער איז דער לייט-מאטיוו פון שאָ-פענהויערס גאַנצן שאַפן, דער קערן און תמצית פון זיין פילאָזאָפיע. די גאַנצע וועלט צוזאַמען איז נישט נאָר ענ-לעך, נאָר דאָס איז דערזעלבער „ו ו י ל ן“, וועלכן מיר באַגרייפן אין זיך, אַלס אונזער מהות. דאָ ליגט דער וואָרצל פון יעדער מעטאַפיזיק. די גאַנצע וועלט צוזאַמען איז נישט מער, ווי דאָס, וואָס מיר פילן, אַלס אונזער „א י ך“, און דער גאַנצער אונטערשייד איז נאָר אין דער השגה – וואָס איז עס דער אַזוי אינטימער און דאָך אומפאַרשטענדלעכער געפיל פון „איך“. דער פאַנטעאיזם איז נאָר די גרויסע פראַגע, אויף וועלכער מען דאַרף זוכן דעם גרויסן תירוץ. דאָס, וואָס די גאָטהייט און די נאַטור איז איינס, איז נאָך נישט דער ענדציל פון דער מעטאַפיזיק. מיר דאַרפן ערשט זוכן די אַטריבוטן פון גאָטהייט, וואָס האָבן דורכגעדרונגען די נאַטור, דעם

וועלט-נשמה

מהות פון לעבנסקוואַל, אָדער אַנדערש: צו איז די וועלט-נשמה דורכגעדרונגען מיט שכל און פאַרשטאַנד, און האָט

פאַר זיך געוויסע פאַרנונפטיקע צוועקן, צו וועלכע זי שטרעבט, אָדער זי איז דורכאויס בלינד, ווייסט נישט פון קיין לאָגיק און צילן, איז בולט אַ ווילדע סטיכיע, וואָס איז דער היפך פון פאַרשטאַנד און שכל. אין דעם פונקט צוגייט זיך די מעטאָפיזיק אויף צוויי פאַרשידענע וועגן.

דער רעטעניש פון דער מעטאָפיזיק ליגט אין דער מענטשלעכער נשמה

אַלע מעטאפיזיקער זיינען איינשטימיק אין דעם, אַז דעם יסוד פון דער וועלט דאַרפן מיר זוכן אונם מהות פון דער מענטשלעכער נשמה און די מענטשלעכע גשמה מיט אַלע אירע קאָמפליקאַציעס באַשטייט פון צוויי הויפט־טיילן, וועלכע זיינען דאָך פאַרשיידן. וואָס איז דער אינהאַלט פון דער מענטשלעכער נשמה: שכל אָדער ווילן? אויפפאַסן, אָפּשאַצן און פאַרשטיין, אָדער ווערלן און טאָן? די איירָאָפייאישע, די ראַציאָנאַל־דיאַלעקטישע מעטאַפיזיק נעמט אָן פאַר דעם ווירקלעכן וועזן פון דער נשמה דעם שכל. דער ווילן איז נאָר אַ מאָדיפיקאַציע פון שכל, און דער שכל איז דער אינהאַלט פון דער וועלט. די דאָגמאַטישע ראַציאָנאַל־אַנטאָלאָגישע מעטאַפיזיק דער־גרייכט איר העכסטן פונקט ביי שפינאָזא און העגעל. דאַגעגן די אינדישע מעטאַפיזיק נעמט אָן פאַרן תוך פון דער נשמה דעם ווילן, דאָס אייביקע, בלינדע, אומשכלדיקע פאַרלאַנגען. דער שכל און פאַרשטאַנד זיינען נישט מער ווי אַ צושטאַנד פון ווילן, און דער גאַנצער אינהאַלט פון דער וועלט איז דער אַזוי נאָנטער און, פון דער אַנדערער זייט, אַזויאומפאַרשטענדלעכער ווילן, וואָס לעבט אין אונז און וועלכן מיר באַגרייפן, אַלס אונזער אמתן „איך“.

דער וואָלאָנטאַ־ריזם אין דער איירָאָפּייאישער פילאָזאָפיע

אין דער איירָאָפּייאישער פילאָזאָפיע האָבן שעלינג און פיכטע די ערשטע אָנערקענט דעם ווילן, אַלס לעצטע סובסטאַנץ. שאָפּענהויער האָט איבערגעטראָגן דעם אינדישן

וואָלאָנטאַריזם אויף דעם אייראָפּייאישן באָדן און צוזאַמען מיט אים און אַלס המשך צו אים אויך דעם אינדישן פּעסימיזם און די אינדישע לערע פון באַפרייאונג פון די וועלט-לײדן.

די פאָלגן פון וואָלאָנטאַריזם, פעסימיזם און די פילאָזאָפיע פון אויסלייזונגס דער בודיזם

מיר וועלן זיך דאָ אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דעם אינדישן וואָלאָנטאַריזם און זיינע פאָלגן: פּעסימיזם און די לערע פון אויסלייזונג. אַ קורצע פאָרמולירונג פון בודיזם קאָן אונז דינען ווי א קאָנספּעקט צו שאָפּענהויערן.

די וועלט אַליין איז פאַר אונז אומבאַקאַנט און אויף אַזויפיל אומבאַקאַנט, אַז מיר קאָנען נישט וויסן אַפילו, צי זי עקזיסטירט, צי ניין, און די גאַנצע פראַגע וועגן דעם איז גאָר אַן איבריקע. דאָס איינציקע, וואָס מיר ווייסן

די וועלט איז אונז אומבאַקאַנט

פון דער וועלט, איז דאָס, אַז זי איז אַן אומאויפהערלעכער ברענענדיקער פאַרלאַנג צו דערהאַלטן זיין קיום, וועלכער איז אינגאַנצן נוצלאָז און איז אַ קייט פון לײדן. די גאַנצע וועלט געפינט זיך אין פלאַמען פייער, וועלכער קאָן זיך קיינמאָל נישט אָנזעטיקן. ממילא איז שוין די גאַנצע וועלט אַן אַרענע פון אומאויפהערלעכע לײדן. גלייכצייטיק איז דאָס ברויזנדיקע לעבן אַ טויש-זינד געגן הייליקייט און מנוחה. דער גאַנצער קיום מיט אַלע זיינע ברואים לײדן אונטער דעם שווערן יאָך פון לעבן און זיינען אונטער דער מאַכט פונם שרעקלעכן לעבנס-ווילן, וועלכער האַלט זיי אין זיינע לעבנס-צווייגן. פאַראַן אָבער אַ פּיר-פאַכע לערע, וואָס פירט צו דער באַפרייאונג פון זיין, אַן אויסלייזונג פון די לעבנס-יסורים.

די לערע פון די פיר וויסנס

דאָס ערשטע וויסן איז, אַז אַלץ איז לײ'ן. די גאַנצע וועלט ווערט אייביק אויפגעפרעסן דורך אַן אומדערזעטיקטן פייער. אַלע אונזערע געפילן געפינען זיך אין אַ ברענענ=

דיקן פלאַם, אַלצאיינס צי איז דער פלאַם — ליבע, אָדער האַס. זיי ווערן אָנגעצונדן דורכן געבוירן ווערן, דורכן אַלט ווערן אָדער שטאַרבן, דורך פיזישע אָדער מאָראַלישע ליידן, דורך בייגקשאַפט און פאַרצווייפלונג. דאָס צווייטע וויסן באַציט זיך צו דער „אַנטשטייאונג פון ליידן". דער מקור פון ליידן איז דער דאָרשט צום לעבן אָן אונטערשייד צי אויפן הימל, צי אויף דער ערד. די פרומקייט מיטן (אויסער דעם לעבנסווילן) צוועק צו דערגרייכן עולם־הבא איז פאַר בודא דאָס איי־גענע, וואָס די לעבנסלוסט אויף דער ערד, ווייל איין לעבנס־ווילן ווירקט אויף ביידע פאַרלאַנגען. דאָס דריטע וויסן איז, „אַז ס'איז מעגלעך זיך צו באַפרייען פון דעמדאָזיקן לעבנסיאָך." פאַראַן אַזאַ צו־שטאַנד פון „זיין", וואָס איז אויסער דעם לעבנסווילן. דאָס איז די נירוואנא, וואו עס בושעוועט נישט דער (נירוואנא) לעבנספייער און איז דאָך אַ לעבנספאָרם. אין דעם צו־שטאַנד הערט אויך אויף די וואַנדערונג פון די נשמות. דער צושטאַנד קאָן אָבער פאַר קיין פאַל נישט דערגרייכט ווערן דורכן טויט אָדער זעלבסטמאָרד, וועלכע זיינען בלויז אַן איבערגאַנג צו אַ נייעם געבאָרן ווערן און צו נייע ליידן. וויאַזוי צו דערגרייכן די נירוואנא לערנט דאָס פערטע וויסן.

„אַ דיקע פינסטערניש רינגלט אונז אַרום, און אין דערדאָזי־קער פינסטערניש דאַרפן מיר זוכן ליכט. דער מענטש קלייבט בלומען אויפן וועג, זיין געדאַנק דאָרשט נאָך פאַרגעניגנס. ווי דאָס וואַסער פאַרגיסט דאָס איינזאַמע דערפל, אַזוי דערנענטערט זיך צו אים און פאַרכאַפּט אים דער טויט. דער טויט נעמט צו אַלץ, וואָס דאָרשט און גלוסט. דו וועסט נישט געפינען אויף דער ערד קיין אָרט, וואו עס

זאָל נישט הערשן דער כּוח פון טויט, אַפילו נישט אין דער לופט, ימים, מדבריות און בערג. פון פריידן קומען אַרויס ליידן, פון פריידן קומט אַרויס שרעק. ווער עס איז פריי פון ליבע, דער איז פריי פון ליידן. פאַר וועמען וועט ער דאַן מורא האָבן? דער מענטש, וואָס קוקט אויף דער וועלט, ווי אויף אַ זייפנבלאָז, ווי אויף אַ שאָטן, דער ווייסט שוין נישט פון טויט. דער, וואָס איז אראָפּ פון דעם שלעכטן וועג (ליבע-וועג) און האָט דערגרייכט דעם ברעג פון אַ נייער ווילנסלאָזער וועלט; דער, וואָס האָט זיך שוין באַפרייט פון זיין, דער איז אַנ׳אויסגעלייזטער, דער איז אַן אמתער בראַמאַ".

דער, וואָס איז שוין אַדורך דעם מדבּר, דערגרייכט די נירוואַנאַ, סיי די ליידן, און סיי דער לעבנס-תּענוג זיינען ביי אים נישטיק. עס איז אים פרעמד סיי די ליבע, סיי דער האַס. זיין שטייגער לעבן קאָנען מיר גאָרנישט תּופס זיין מיט אונזערע געפילן.

**די באַדייטונג פון בודיזם**

דער בודיזם בלייבט פאַר אונז אַ מוסטער נישט בלויז פון טיפן דיינקען, פון אַ קאַלטער באַציונג צום ווערט פון לעבן, נאָר אויך פון אַ טיף רעליגיעזן און דאָך אַטעיסטישן געפיל. ער איז אַ לייכטטורם, וואָס ווינקט צו אונז פון דער טיפעניש פון צייטן, און די מאָדערנע מחשבה זוכט אָפטער זיין ליכט.

שאָפּענהויער, וואָס האָט זיך זיין גאַנץ לעבן געפונען אונטער דער ווירקונג פון בודיזם, האָט הייס באַגריסט דעם אויפוואַכנדיקן אינטערעס צו דעם אינדישן אוצר פון חכמה, וועלכער האָט געדאַרפט לויט זיין מיינונג שפּילן אַ גרעסערע ראָל, ווי די אויפלעבונג פון דער גריכישער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע און דער רענעסאַנס-עפּאָכע.

די אידייע־ הערקסלונג

אָבער די אינדישע אידייען האָבן, אַריינדרינגענדיק אין אייראָפּע, אָנגענומען א אייראָפּייאישן כאַראַקטער. איין און די זעלבע אידייע בייט אירע ניואַנסן און שאַטירונ־גען, ווען זי גייט איבער פון פאָלק צו פאָלק און פון צייט צו צייט.

דעם אייראָפּייאישן פּעסימיזם מיט זיין האַס און פאַר־ביטערונג, שאָפּענהויער'ס אוּן ביירא'ס העלדן אָדער לעאָפּאַרדי'ס פאַרצווייפלונג, — דאָס אַלץ איז תמיד געווען פרעמד דער אינדישער שרעקעוודיקער פליטה פון לעבן. די אינדישע חכמה האָט נישט געוואוסט פון כאַר־ביטערונג און האַס נאָר פון שטילער נאָכגיביקייט און זיסער אָפּשטאַרבונג.

---

III

## די וועלט אַלס פאָרשטעלונג

(דער קאַנטיש־שאָפּנהויערישער אַפּריאָריזם).

דער אָנהויב פון פילאָזאָפישן דיינקען

„די וועלט איז מיין פאָרשטעלונג“. מיט דידאָזיקע ווער־טער הויבט אָן שאָפּענהויער זיין פילאָזאָפיע און די ווער־טער זיינען לויט זיין מיינונג דער אָנהויב פון יעדער פילאָזאָפיע. ווער עס האָט שוין איינמאָל פאַרשטאַנען דעם

זין פון דער קליינער פאָרמעל, אַז „די וועלט איז מיין פאָרשטעלונג", דער האָט זיך שוין אויפגעהויבן אויף דער מדרגה פון פילאָסאָפישן דענקען. דאַגעגן, פאַר דעם — און דאָס איז די גרעסטע צאָל מענטשן — פאַר וואָס דידאָזיקע פאָרמעל רעדט גאָרנישט, פאַר דעם, וואָס וועלט איז וועלט, דער איז נאָך גאַנץ ווייט פון פילאָזאָפיע. דער נאַאיווער רעאַליזם, וואָס זאָגט אַז די וועלט שפּיגלט זיך אָפּ אין סוביעקט, פּונקט ווי זי איז אין דער אמתן, איז לויט שאָפּענהויערן, נישט ריכטיק שוין דערפאַר אַליין, וואָס דאַן וואָלט אויפגעקומען, אַז די וועלט איז אַ טאָפּעלע און אַ טאָפּל גלייכע. ווי באַוואוסט, האָט עס שפּינאָזא אַזוי פאַרשטאַנען.

„די וועלט איז מיין פאָרשטעלונג", דאָס באַדייט אַנדערש — די וועלט ליגט נישט אויסער מיר, נאָר אין מיר. אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז אויסער מיר עקזיס־טירט נישט קיין וועלט. דאָס באַדייט נאָר, אַז צווישן מיר און דער וועלט שטייט מיין פאָרשטעלונגסקראַפט, מיין אינטעלעקט, וועלכער טרעט צו צו דער וועלט שוין מיט זיינע פריערדיקע אייגענע געזעצן. די וועלט איז מיין פאָרשטעלונג הייסט אייגנטלעך, אַז דער שווערפּונקט פון וועלט־אָנדערקענונג ווערט איבערגעטראָגן פון דרויסן אין אינערלעכן.

דאָס, וואָס איך בין משיג און פאַרשטיי, איז שוין אַדורכ־געגאַנגען דורך באַוואוסטע געזעצן און אַריין אין סכעמען פון שכל. וועלכער האָט עס שוין איבערגעמאַכט און אויפ־געפאַסט אויף זיין שטייגער. דאָס איז געווען דער לאָזונג פון דער קאַנטישער פילאָזאָפיע, פון דער „קאָפּערניקוס־איבערקערעניש", ווי קאַנט האָט עס אָנגערופן, אַזויווי פאַר

קאַנט, קאָפּער־ניקוס

קאָפּערניקוסן האָבן מענטשן געגלויבּט, אַז די ערד שטייט און די זון באַוועגט זיך, און קאָפּערניק האָט דער ערשטער אָנגעוויזן, אַז דאָס איז אַ ווילדער טעות, אַזוי האָבן מענטשן ביז קאַנטן געגלויבּט, אַז דער סוביעקט, דער שכל, איז אומבאַוועגלעך פּאַסיוו, און די זאַכן און דערשיינונגען שפּיגלען זיך אָפּ אין אים. קאַנט האָט באַוויזן, אַז דאָס איז אַ טעות, אַז ענדערונגען, דערשיינונגען, געשעענישן, אַלע גְעזעצן פון דער נאַטור, דער שטח און די צייט, אַז דאָס אַלץ האָט דער אינטעלעקט אין זיך און פאַר קיין פאַל נישט אין דער אויסערער וועלט.

שטח און צייט זיינען סוביעקטיוו

דער שטח און די צייט, אין וועלכער מיר זיינען אַלץ תופס, זיינען נישט קיין זאַכן, וואָס געהערן דער וועלט, דער מאַטעריע און די דערשיינונגען, זיי זיינען נאָר די באַדינגונגען, אונטער וועלכע אונזער אינטעלעקט קאָן עפּעס תופס זיין. זיי עקזיסטירן, אַלזאָ, נאָר אין מוח און פאַרן מוח. די געזעצן פון דער נאַטור און צווישן זיי דער הויפּט־

די געזעצן פון דער נאַטור זיינען סוביעקטיוו

קאַוזאַליטעטסגעזעץ, ד. ה. אַז יעדע דערשיינונג מוז האָבן אַ פריערדיקע סיבּה, און—אַז פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט זיין, אַז דאָס אַלץ זיינען נישט קיין אייגנשאַפטן פון דער נאַטור, נאָר זיי ליגן אין מוח; דאָס איז די גְעזעצגעבּונג פון אינטעלעקט, דאָס זיינען זיינע באַגריפן, אין וועלכע אַלץ גייט אריין אָדער אַנדערש: דאָס זיינען די געזעצן, וועלכע דער מוח אַליין גיט דער נאַטור און נישט פאַרקערט, ווי דאָס מיינט דער נאַאיוועּר רעאַליזם. די עמפּירישע רעאַליטעט בּלייבּט אויף אַזאַ אופן גאַנץ אומבּאַרירט און נעמט אָן אַ כאַראַקטער פון אַן אַל־געמיינער אָביעקטיוויטעט פאַר יעדן באַוואוסטזיין, נאַטיר־לעך, אין די גרענעצן פון אינטעלעקט אָדער ווי קאַנט

זאָגט: די אַפּריאָרישע זאַצן פון אינטעלעקט זיינען באַגרינדעט דורך זיינע אייגענע געזעצן און דעריבער זיינען זיי אַלגעמיין און אַלגעמיין פאַרפליכטעט.

*די פראַגע פון אַפּריאָריזם*

דאָס איז אין קורצן קאַנטס ענטפער אויף זיין הויפּט־פראַגע, דער אָנהויב און דער סוף פון זיין פילאָזאָפיע.

צוליב דער גרויסער וויכטיקייט פון דער פראַגע און פונם ענטפער, וואָס קאַנט גיט אויף איר, מוזן מיר זיך, מחמת דאָס שפילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע, אויספירלעך אָפּשטעלן אויף איר באַדייטונג אין איר געשיכטע.

*די פאָרקאַנטישע דאָגמאַטישע פילאָזאָפיע*

די גאַנצע פאָרקאַנטישע נייע פילאָזאָפיע צעטיילט זיך לויט איר מהות, אויף צוויי פיינטלעכע לאַגערן: דער ראַציאָנאַליזם און דער עמפּיריזם. דער ראַציאָנאַליזם זאָגט, אַז אַלע אונזערע באַגריפן, ידיעות, דערפאַרונגען ווייסן מיר נאָר דורך דער הילף פון שכל.

*דער ראַציאָנאַליזם. זיינע דאָגמען און זיין באַנקראָט*

אַלץ, וואָס מיר ווייסן פון דער נאַטור, ווייסן מיר à priori פריער, נאָך איידער מיר מאַכן דעם עקספּערימענט. דער עקספּערימענט אַליין איז נאָר אַ נידריקע שטופע פון שכל און איז נויטיק צוליב דער אומפאָלקאָמענהייט פון אונזער שכל. אָבער ווען עס זאָל קענען זיין אַ אומבאַגרענצטער פולקומענער שכל, דאָס הייסט אַזאַ, ווי מיר שרייבן צו דער גאָטהייט — וואָלט דער שכל, אַרויסגייענדיק נאָר פון זיך אַליין און פון זיינע אייגענע באַגריפן, געקענט אַפּריאָרי ווייסן די גאַנצע נאַטור: די נאַטור אַליין ווירקט ניט אויפן שכל און דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער נאַטור און פאַרשטאַנד אָדער ווי מען רופט דאָס צווישן

קערפּער און גייסט, דערקלערט דער ראַציאָנאַליזם דורך ב׳וואוסטע פעסטע דאָגמען.

דאָס זיינען אַלץ געווען שוואַכע, נישט דערוויזענע אַרגו־מענטן. דער ראַציאָנאַליזם, וועלכער האָט ביי שפּינאָזאַן דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה, האָט אַלץ מער פאַרלוירן דעם באָדן אונטער זיך און האָט ענדלעך געמוזט באַנקראָ־טירן.

דער עמפּיריזם און זיין נישט אויסגעהאַלטענ־הייט

נישט בעסער איז געווען דער גורל פון דער געגנערישער שולע פון עמפּיריזם, וועלכער איז באַשאַפן דורך די איינגלישע פילאָזאָפן בעקאָן, לאָק, יום און אַנד. לויט דעם עמפּיריזם באַזיצט נישט דער מענטש קיין שום אייגענע באַגריפן. דאָס געבוירענע קינד איז געגליכן צו אַ ליידיקן טאָוול, אויף וועלכן מען קען אָנצייכענען, וואָס מען וויל. עס האָט נישט קיין איינגעבוירענע אידייען, ווי צום ביישפּיל, די אידייע פון גאָטהייט, וואָס די ראַציאָנאַ־לע טעאָלאָגיע האָט געהאַלטן, אַז זי ווערט מיטגעבראַכט אויף דער וועלט דורך דער נשמה אַליין. נאָר די וויי־טערדיקע דערפאַרונגען גיבן דער נשמה די אַלע באַגריפן און ידיעות. די אויספירונגען פון שכל זיינען ווי אַן אָפּ־געשוואַכטער עקספּערימענט. אונזער גאַנצער וויסן איז אַלזאָ à posteriori

עס איז אָבער מער ווי זיכער, אַז דער שכל באַזיצט אויך אַזעלכע באַגריפן, וואָס זיינען נישט גענומען פון דער דערפאַרונג.

די לאָגישע זאַצן

די לאָגישע זאַצן קאָנען ווערן איינגעטיילט אין צוויי קאַ־טעגאָריעס (צווישן וועלכע עס איז פאָרט שווער אַוועקצו־שטעלן אַ פעסטע מחיצה): אַנאַליטישע און אַ

**אַנאַליטישע**

סינטעטישע. די ערשטע זייַנען אַזעלכע, וואָס זע
אַרויסגעזאָגטער געדאַנק געפינט זיך שוין אַ פריער אין די
ווערטער פון זאַך, עס איז נאָר דער אַנאַליז פון דער דעפי=
נאַציע, צום ביישפיל, דער זאַך, אַז יעדער קערפער פאַר=

**סינטעטישע**

נעמט אַ שטח. סינטעטישע זיינען אַ זעלכע זאַצן, וואָס
זייער אינהאַלט געפינט זיך נישט פריער אין די ווערטער
פון זאך און זייער געדאַנק איז דערגרייכט געוואָרן אָדער
דורך דערפאַרונג אָדער דורך אַ אַנדער וועג, צום ביישפיל,
דער זאַך, אַז יעדער קערפער האָט אַ וואָג. אין באַגריף
קערפער איז שוין דאָ שטח, אָבער נישט קיין וואָג.

די פראַגע וועגן דעם מקור פון אונזער וויסן איז געווען
איינג פאַרבונדן מיט דעם כאַראַקטער פון אונזער זאַך=
דערקענטניש. דער ראַציאָנאַלזם זאָגט, אַז אַלע אונזערע
זאַצן זיינען אַנאַליטיש — אַפריארי. דער עמפיריזם זאָגט,
אַז אַלע זיינען סינטעטיש אַ פאָסטעריאָרי.

**קאַנטס באַגרינ=רונג פון אַפּריאָ=ריזם**

אין זיין ראָל אַלס פאַרמיטלער צווישן דעם ראַציאָנאַליזם
און עמפיריזם האָט קאַנט דער ערשטער אַרויסגעזאָגט ־ דעם
געדאַנק: ערשטנס, אַז ביידע דערקענטעניש=כוחות פון
שכל — די לאָגיק און די דערפאַרונג, זיינען צוויי פאַר=
שידענע פונקציעס פון דערקענונג, נישט קוקנדיק אויף
דעם, וואָס זיי זיינען באַהעפט צווישן איינאַנדער, און,
צווייטנס, אַז די רעזולטאַטן פון די ביידע כוחות פון שכל
גיבן אומבאַדינגט אַפריאָריש וויסן.

**די חיסנשאַפט און די סינטע=טישע זאַצן**

עס איז קלאָר, זאָגט קאַנט, אַז אונזער נאַטור און וויסן
קאָנען באַרייכערן נאָר סינטעטישע זאַצן. די סינטעטישע
זאַצן מוזן זיין à priori, ווייל ווען זיי וואָלטן שטאַמען
נאָר פון עקספערימענט, וואָלט זיי אַרויסגעזאָגט נאָר אַ

איינצעלנער פאַל און זיי וואָלטן בשום אופן נישט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַלגעמיינהייט, וועלכן עס טראָגט די וויסנשאַפט. אַלזאָ, אויף וואָסער גרונט ווערן באַשאַפן זאַצן, וועלכע זיינען סינטעטיש און דאָך à priori? דאָס איז דער זין פון קאַנטס גרויסער פראַגע: ווי זיינען מעגלעך סינטעטישע זאצן à priori? אָדער אַנדערש געזאָגט, ווי זיינען מעגלעך אונזערע וויסנשאַפטן, וועלכע בילדן די סומען פון אַלע אונזערע ידיעות בכלל.

אונזערע וויסנשאַפטן ווערן אין אַלגעמיין איינגעטיילט אין מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאפט און מעטאַפיזיק. קאַנטס סוביעקטיוויזם, וועלכער איז גלייכצייטיק אויך רעאַליזם, באַגרינדעט און באַרעכטיקט די וויסנשאַפטן.

נאָך די דריי הויפּטוויסנשאַפטן ווערט אויך קאַנטס פילאָזאָפיע איינגעטיילט אין דריי טיילן, וואָס יעדער איינער פון זיי גיט אַ באַגרינדונג אויף יעדער וויסנשאַפט: די טראַנסצענדענטאַלע עסטעטיק, טראַנסצענדענטאַלע אַנאַליטיק און טראַנסצענדענטאַלע דיאַלעקטיק. קאַנטס ענטפער אויף זיין הויפּטפראַגע צעפאַלט זיך אין דרייען — וויאַזוי זיינען מעגלעך אַפריאָרי סינטעטישע זאַצן אין דער מאַטעמאַטיק, אין דער נאַטורוויסנשאַפט און אין דער מעטאַפיזיק?

די באַגרינדונג פון דער מאַטעמאַטיק

אין דער מאַטעמאַטיק ענטפערט קאַנט אין טראַנסצענדענטאַלער עסטעטיק, זיינען מעגלעך אַפריאָרישע זאַצן צוליב דעם, וואָס דער שטח און די צייט, דער געגנשטאַנד פון מאַטעמאַטיק, זיינען אָביעקטיוו און זיינען נישט די אייגנשאַפטן פון דער אויסערער וועלט, נאָר די אינטואיציע פון

שכל, זיי זיינען נישט געקומען פון דער דערפאַרונג נאָר זיי זיינען די באַדינגונגען פון דער דערפאַרונג. זיי מאַכן מעגלעך דעם עקספּערימענט. ווי אַלץ, וואָס דער אינטעלעקט קען אויפנעמען, מוז אַדורכגיין דורך די באַדינגונגען פון שטח און צייט, און ממילא זיינען אַלע אייגנשאַפטן פון דער אינטואיציע איבער שטח און צייט אויך אַן אינטואיטיווע עשירות פון אינטעלעקט, און איז אַלגעמיין פאַרפליכטלעך פאַר יעדן באַוואוסטזיין.

די באַגרינדונג פון די נאַטור־וויסנשאַפטן

די נאַטורוויסנשאַפטן, זאָגט קאַנט אין זיין טראַנסצענדענטאַלער אנאליטיק, זיינען מעגלעך צוליב דעם, וואָס די געזעצן פון דער נאַטור און צווישן זיי דערהויפּט דאָס קאַוזאַליטעטס־געזעץ געהערן נישט דער נאַטור, נאָר דאָס זיינען די תּנאָים פון שכל, אָן וועלכע ער איז נישט פעאיק עפּעס צו וויסן און צו דערפאַרן און ממילא זיינען די סינטעטישע זאַצן פון שכל איבער דער נאַטור באַרעכטיקט

די אומבאַגרינדונג פון דער מעטאַפיזיק

אין אַ גאַנץ אַנדערער לאַגע געפינט זיך אָבער די מעטאַפיזיק, וועלכע באַזיצט נישט די געהעריקע אינטואיציע אין דער נשמה און דערום זיינען די אויספירונגען פון דער מעטאַפיזיק נאָר אַזעלבסטגענאַרונג פון שכל, וועלכער קוואַליפיצירט נאָך און טיילט אויס זיינע אייגענע פונקציעס אין זעלבסשטענדיקע אָביעקטיווע ווערטן, פאַרגעסנדיק, אַז זייער גאַנצער ממשות איז באַגרענעצט בלויז אין די ראַמען פון די שכל־סכעמען.

שאָפּענהויערס אַפּריאָריזם

שאָפּענהויער האָט אינגאַנצן איבערגענומען קאַנטס אַפּריאָריזם און האָט אים נאָר אַ ביסל פאַראייִנפאַכט אין זיין ערשטן ווערק: „דער פירפאַכער וואָרצל פון גענוגלעכן גרונט“.

די פיר דערקענונגספונקציעס פון שכל

אין פיר פאָרמען ווייזט זיך אַרויס פאַר אונז דאָס געזעץ פון גענוגלעכן גרונט, פאַרשטייענדיק אונטער „גענוגלעכן גרונט“ די אפריאָרישע פונקציע פון דיינקען.

אויפן ארט פון קאַנטס 12 רעגולירנדיקע באַגריפן פון שכל אנערקענט שאָפּנהויער נאָר איינעם, וועלכער צעפאַלט אויף פירן.

אויף פירערליי אופנים עקזיסטירט אין שכל די אפריאָרישע פונקציע און ממילא דאָס גאַנצע וויסן און פאַרשטיין בכלל. נאָר אין דעם פאַל, ווען עס עקזיסטירט איין זייט פון די פיר גרונטן דערקענען מיר עפעס, ווייל אויסער זיי עקזיסטירט נישט קיין וויסן בכלל, און יעדעס מאָל, ווען מיר דערקענען עפעס, דאַרפן מיר אויך וויסן, אַז דאָס געזעץ פון גענוגלעכן גרונט איז שוין דאָ געווען נאָך פריער, איידער דאָס איינצעלנע דערקענען איז אָנגעקומען, אַז איינע פון זיינע פיר פונקציעס האָט זיך דאָ אַריינגעמישט מיט איר געזעצגעבונג צווישן דעם אינטעלעקט און דאָס, וואָס דער אינטעלעקט האָט געדאַרפט תופס זיין און האָט אַזויאַרום געמאַכט מעגלעך דאָס איינצעלנע וויסן.

שאָפּענהויער רופט אָן דידאָזיקע פיר זייטן פון שכל: דער גרונט פון ווערן, דער גרונט פון וויסן, דער גרונט פון זיין און דער גרונט פון מאָטיוו. יעדע איינצעלנע זייט פון שכל האָט איר געביט, אין וועלכן זי הערשט.

די דער גרונט פון ווערן

דאָס ערשטע איז דער גרונט פון ווערן — דאָס איז די פונקציע פון שכל, וועלכע נעמט אַלץ אויף דורך קאַוזאַליטעט. דאָסדאָזיקע געזעץ זאָגט אונז, אַז יעדע דערשיינונג, וואָס מיר זעען, הערן און באַגרייפן בכלל, מוז האָבן אַ פריערדיקע סיבה, וואָס האָט זי אַרויסגערופן, ווייל פון

זיך אַליין קאָן קיין זאַך נישט ווערן. דאָס קאַוזאַליטעטס־
געזעץ איז דורכויס סוביעקטיוו. דאָס איז דאָס געזעץ פון
שכל און פאַרן שכל. אויסערן שכל קענען מיר פאַר קיין
פאַל נישט זאָגן, אַז אַלץ מוז האָבן אַ סיבה.
יעדע ענדערונג ווייזט אויף אַ פריערדיקער ענדערונג. איך
קוק דורכן פענסטער און זע ווי די בלעטלעך פון בוים
באַוועגן זיך, איך ווייס אָבער, אַז זיי באַוועגן זיך נישט
אַליין, נאָר דורך אַ סיבה, און דידאָזיקע סיבה איז — די
באַוועגונג פון דער לופט. און די סיבה פון דער
לופט־באַוועגונג איז די נישט גלייכע טעמפּעראַטור
פון די פאַרשידענע לופטשיכטן און זייער סיבה איז די וואַ־
רעמקייט פון דער זון. די סיבה פון דער וואַרעמקייט זוכן
מיר שוין ווייטער אין פאַרשידענע קאָסמישע סיסטעמען און
אַזוי ווייטער. די קייט פון קאַוזאַליטעט קענען מיר זיך
נישט פאָרשטעלן אַנדערש ווי אומענדלעך, אָבער דאָס
אַלץ עקזיסטירט נאָר אין די גרענעצן פון אונזער אינטע־
לעקט.

שאָפּענהויערס פאַרהעלטניס צו די איבעריקע קאַנטישע שכל־קאַטעגאָריעס

די קאַוזאַליטעטפונקציע האָט עקזיסטירט ביי קאַנטן צו־
זאַמען מיט נאָך 11 שכל־קאַטעגאָריעס, וועלכע שאָפּענהויער
וואַרפט אָפּ אינגאַנצן און אויף זייער אָרט אָנערקענט ער
נאָר די הויפּטקאַטעגאָריע — די קאַוזאַליטעט. אַ שטיקל
אויסנאַם מאַכט ער נאָר פאַר דער צווייטער קאַנטישער
קאַטעגאָריע פאַר דער סובסטאַנץ. קאַנט האָט פאַרבונדן
די סובסטאַנץ־קאַטעגאָריע מיטן שטאָף־באַגריף, שאָפּענ־
הויער אָבער פאַרבינט דעם שטאָף־באַגריף מיט דער קאַ־
וזאַליטעטס־קאַטעגאָריע און באַטראַכט פיל מאָל דעם שטאָף
אַלס אויספאַסונג פון קאַוזאַליטעט. שאָפּענהויער רופט אָן
די קאַוזאַליטעט־טעטיקייט פון שכל—פאַרשטאַנד — דאָס

איז פאַרשטיין די סיבות פון די דערשיינונגען און איינ=
פאַסן די דערשיינונגען אין די קאַוזאַליטעט=ראַמען.

די קאַוזאַליטעט אינם חוש-הריאה

שאָפּענהויער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אַנאַליז פון דעם חוש=הריאה און ווייזט, ווי עס קומט פאָר אין אים די טע=טיקייט פון דער פאַרשטאַנד-פונקציע. ערשטנס, דרייט עס איבער די אָפּשפיגלונג פון דער אויג=רעטינע (ווי באַוואוסט, שפּיגלט זיך אַלץ אָפּ אין דער אויג=רעטינע אין אַ פאַר=קערטער פאָרם ווי אין אַ פאָ־אָגראַפישן אַפּאַראַט); צווייטנס, מאַכט עס פון צוויי געשטאַלטן, וואָס ביידע אויגן באַקומען פון איין זאַך, נאָר איין געשטאַלט; דריטנס פאַרוואַנדלט עס פלאַכע ערטער אין בולטע קערפּער א. אַז. וו.
דער מאַטעריאַל פון עמפינדונגען וואָלט אויף קיין פאַל נישט געווען מעגלעך צו ווערן אונזער אינטעלעקט=אייגנטום, ווען עס זאָל נישט געוועז פריער דורכגיין די קאַוזאַלי=טעט=פונקציע פון שכל.

דער גרונט פון „וויסן”

דער צווייטער גרונט פון וויסן — דאָס איז די פונקציע פון שכל, וואָס האָט צו טאָן מיט באַגריפן, אַזוי ווי די ערשטע מיט אויסערע דערשיינונגען. דאָס איז די דיאַלעק=טישע קראַפט פון שכל — דיזעלבע דיאַלעקטישע קראַפט, וואָס איז ביי די ראַציאָנאַליסטישע פילאָזאָפן געווען גע=רעכנט פאַר דעם תמצית פון דער נשמה און ביי העגעלן אַלס אָביעקטיווע איינציקע קאָסמישע וועלטשאַפנדיקע קראַפט, ווערט ביי שאָפּענהויערן פאַרוואַנדלט נאָר אין איין קאַטעגאָריע פון די פיר שכל=קאַטעגאָריעס, וואָס אויסערן סוביעקט האָט עס לחלוטין קיין קראַפט נישט, ווייל זיינע רעזולטאַטן זיינען פאַרפליכטלעך נאָר פאַרן סוביעקט. פון באַגריפן אַרויסצובאַקומען נייע באַגריפן — דאָס איז דער

אינהאַלט פון דער צווייטער קאַטעגאָריע, שאָפּענהויער פאָרמולירט דידאַזיקע פונקציע מיט די ווערטער: איידער דער זאַץ (מיר דערמאָנען נאָכאַמאָל: זאַץ הייסט דאָס פאַר־העלטניש צווישן באַגריפן) דריקט אויס עפּעס אַ וויסן (פאַרשטייט זיך, אַ ניי וויסן) אָדער אַנדערש — אַ „אמתע" זאַך, דאַן מוז דער זאַץ האָבן אַ גענוגלעכן גרונט. פאַר־וואָס איך זאָג, אַז דער און דער זאַץ מוז זיין ריכטיק — נאַטירלעך אויב עס זיינען ריכטיק זיינע באַגריפן — אָדער אַנדערש געזאָגט, אַז צווישן די באגריפן מוז עקזעסטירן דאָס פאַרהעלטניש, ווייל די באַגריפן, אויסגעדריקט דורך ווערטער, זיינען משובד זייער פונקציע פון שכל, וועלכער עקזעסטירט אין מוח נאָך פריער פאַר זיי, אָבער האָט קיין קראַפט נישט אויף עפּעס אַן אויסערלעכן וויסן־סוביעקט. די פעאיקייט אַרויסצוקריגן פון געגעבענע באַגריפן זאַצן, פאַרביודן זיי אין געוויסע פאַרהעלטענישן, רופן מיר גע־ווינלעך אָן אין לעבן שכל און אַזוי רופט דאָס אויך אָן שאָפּענהויער אַלס די אַרבעט פון שכל, נאַטירלעך אַלס טייל נישט האָבנדיק קיין אַנדער טערמין) פון העכערן שכל, וועלכער באַשטייט פון אַלע פיר פונקציעס צוזאַמען.

דער גרונט פון „זיין" — די דריטע צווייג פון געזעץ פון גענוגלעכן גרונט איז דער גרונט פון זיין. דאָס איז גרופירן און איינבינדן די אויסערע אָנשויאונגען אין שטח און צייט, אַזויווי די ערשטע האָט אַריינגענומען אַלע ענדערונגען אין קאאוזאַליטעט־פּרינציפּ, און די צווייטע די זאַצן און באַגריפספאַרהעלטע־ניש־פּרינציפּ. די פונקציע פון שכל רופן מיר אָן נישט פאַרשטאַנד און נישט שכל, נאָר אָנשויאונגסקראַפט, וועלכע פאַרמאָגט אירע אייגענע אָנשויאונגס־מיטלען, שטח

און צייט. אויסער קאַנטס ראיות, באַווייזט נאָך שאָפּענ־הויער פיל מאָל די פענאָמענאַליטעט און סוביעקטיוויטעט פון שטח און צייט.

דער באַווייז פון דער סוביעקטיוויטעט פון שטח און צייט

דער בעסטער באַווייז איז דאָס, וואָס מיר קענען נישט אָפּטיילן דעם שטח, אַזויווי אַנדערע זאַכן פון אונזער געדאַנק. מיר קענען זיך לייכט פאָרשטעלן אַ שטח אָן אַלץ, וואָס פילט אים אָן, איינגאַנצן אַ לע־ן שטח, ווי צווישן די אומבאַוועגלעכע שטערן. אָבער מיר קענען זיך פאַר קיין פאַל נישט באַפרייען פון שטח אַליין. וואָס מיר זאָלן נישט טאָן און וואו מיר זאָלן זיך נישט געפינען, איז דאָ שטח אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף, ווייל ער איז דער גרונט און די באַדינגונג פון אונזערע פאָרשטעלונגען. פון דעם זעען מיר, אַז דער שטח געהער צו א נזער אינטעלעקט, אַז ער איז אַ טייל פון אים, אַז ער איז דער גרונט פון דעם וועבן, אויף וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ די אויסערע וועלט. און אַז איך שטעל זיך עפּעס פאָר, שטעל איך זיך אויך פאָר די צייט. די צייט באַגלייט אַלע באַוועגונגען און נייגונגען פון מיין אינטעלעקט ריכטיק אַזוי ווי די ברילן אויף מיין נאָז באַגלייטן אַלע באַוועגונגען פון מיין געזיכט אָדער ווי אַ שטן באַגלייט אַ קערפּער. און איידער איך באַמערק, אַז עפּעס באַגלייט מיך אומעטום ביי אַלע אומ־שטענדן, דאַן קען איך זאָגן, אַז דאָס געהערט נאָר מיר אַליין, פּונקט ווי עס זאָל מיך באַגלייטן אומעטום אַ ספּעציפישער ריח, פון וועלכן איך קען נישט פריי ווערן. דאָס אייגענע איז דער שטח און די צייט: וויאַזוי איך זאָל מיר נישט פאָרשטעלן די וועלט, איז אַלץ נאָר אין שטח און צייט, וועלכע שווימען נאָך אַרויס פריער פאַר דער פאָרשטעלונג. דעריבער קען איך אויך זאָגן, אַז דער שטח

איז אַ פונקציע פון מיין אינטעלעקט און דעריבער זעען מיר אויך די זאַכן נישט אַזוי ווי זיי זיינען אין זיך אַליין, נאָר ווי זיי דערשיינען אונז.

שאָפּנהויער ווייזט אויך אָן אויף דעם פיזישן געזעץ פון אינערציע: אַ קערפּער, וועלכער האָט שוין איינמאָל באַקומען אַן אויסערלעכע קראַפט וועט זיך אייביק באַוועגן, אויב ער זאָל נישט באַקומען קיין געגנקראַפט. די צייט אַליין קאָן, אַלזאָ, קיין ענדערונגען נישט מאַכן, ווייל זי באַזיצט נישט קיין רעאַליטעט: זי עקזיסטירט נאָר אין מח און פאַרן מח. אין אַלע זיינע אויספירונגען וועגן שטח און צייט איז שאָפּענהויער אינגאַנצן איינשטימיק מיט קאַנטן.

**די געאָמעטריע**

דער אינטואיטיווער שטח איז דער אָביעקט פון געאָמעטריע, די צייט—פון אַריטמעטיק. שאָפּענהויער וויל דעריבער, צוליב פּעדאַגאָגישע צוועקן, אַ רעפאָרם פון דער געאָמעטריע. די זאַצן פון דער געאָמעטריע ווערן באַוויזן נאָך עווקלידן מיט דער הילף פון סילאָגיזמען, פון לאָגיק, בשעת נאָך שאָפּנהויערן פאָלגן די געאָמעטרישע זאַצן אינטואיטיוו און זייער מקור איז דערזעלבער, ווי דער שטח אַליין, צו וועלכן זיי געהערן. די פונקציע, וואָס שאַפט דעם שטח, שאַפט אויך אינטואיטיוו אַלע אפּריאָרישע אייגנשאַפטן פון שטח. שאָפּענהויערס פאָדערונגען פון דער געאָמעטריע-רעפאָרם איז לאַנג געווען, אַפילו אויסער שאָפּענהויערן, ביי די מאַטעמאַטיקער אַ געגענשטאַנד פון דיסקוסיעס.

**דער גרונט פון „מאָטיוו"**

די פערטע פונקציע פון שכל, דער פערטער וואָרצל פון געזעץ פון גענוגלעכן גרונט איז דאָס געזעץ פון מאָטיוו:

וואָס מיר זאָלן נישט טאָן, אָדער זאָלן נישט וועלן טאָן, מוזן מיר פריער אָננעמען, אַז אונטער דער פיזישער אַרבעט ליגט אין דער נשמה אַ מאָטיוו, אַ ווילן צו עפּעס, אָן וועלכן דאָס וואָלט נישט געקאָנט געטאָן ווערן.

אייגנטלעך איז די פּערטע פונקציע אינגאַנצן משובד דער ערשטער, דער קאַוזאַליטעטס־פונקציע. יעדע אַרבעט מוז האָבן אַ סיבה און די סיבה, נישט קאָנענדיק זיי געפינען אין דער אויסערלעכער וועלט, מוז ליגן אין דער אינערלעכער וועלט, אין דער נשמה. נאָר די באַזונדערע באַדייטונג, וואָס שאָפּענהויער גיט צו דעם באַגריף „ווילן" אַלס דער מקור פון אַלע סיבות און דער אינהאַלט פון דער נשמה, האָט אים געצוואונגען אויסצעטיילן דידאָזיקע פונקציע באַזונדער, אַלס אַ אינעווייניקסטע קאַאוזאַליטעט. „דאָ איז אַזוי ווי מיר וואָלטן שטיין אונטער די קוליסן און זען דעם סוד פון דעם, ווי די קאַאוזאַליטעט און איר סודות־פולע ווירקונג שלעפּט מיט זיך מיט די פאָלגן". (אינעווייניגסטע קאַאוזאַליטעט)

עס קאָן אָבער קיין רייד נישט זיין וועגן דעם, אַז די סיבה ווערט געבוירן אין דער נשמה אָן אַ פריערדיקער סיבה. אין דער וועלט פון דערשיינונגען איז נישטאָ קיין פרייהייט פון ווילן. „דעם מענטשנס מעשים ווערן געטאָן מיט אַזאַ נויטווענדיקייט, ווי עס לויפט אַ געוואָרפענער באַלעם". מען קאָן פאַר קיין פאַל נישט זאָגן, אַז ביי איין און דערזעלבער לאַגע (די גאַנצע שווערקייט איז אָבער אין דער דעפינאַציע פון דער „לאַגע") איז פאַר דעם זעלבן אינדיווידואום מעגלעך אַ אויסוואַל צווישן זיינע רעאַקציעס. (דאָס פּראָבלעם פון פרייהייט פון ווילן)

---

## IV

# די וועלט אַלס פאָרשטעלונג.

### פענאָמענאַליזם און קאָררעליאַטיוויזם

דער פענאָמענאַליזם.

מיר האָבן אין פאָריקן קאַפּיטל באַטראַכט די אפריאָרישע פונקציעס פון שכל — די ראַמען, אין וועלכע עס ווערט איינגעפאַסט זיין וועלט און דורך וועלכע ער קוקט אויף דער וועלט. אַלץ, וואָס דער שכל איז משיג און תופס און אַלץ, וואָס ער האַלט פאַר אַן אָביעקטיוון אמת און אַלגעמיין פאַרפליכטלעך, איז שוין פריער דורכגעגאַנגען דורך דעם פירפאַכן וואָרצל פון געזעץ פון גענוגלעכן גרונט. אויסער דעם דיינקענדיקן סוביעקט, עקזיסטירט נישט דאָס געזעץ פון גענוגלעכן גרונט, נאָר מיר וואָס זיינען אין אים איינגעשלאָסן, נעמען אָן זיינע אויספירונגען פאַרן געזעץ פון דער אויסערלעכער וועלט.

די אויסערלעכע וועלט

„די וועלט אַלס פאָרשטעלונג“ דאַרף מען דעריבער כאַראַקטעריזירן אַלס עקסטרעמען פענאמענאליזם. אונזער וועלט איז נאָר אַ סומע פון פענאָמענען און פון איר אמתן מהות קאָנען מיר גאָרנישט וויסן. אויך אונזער אייגענער קערפּער און אונזער פּערזענלעכקייט, איז נאָר אַ פראַגע פון פענאָמען, צייט און שטח, אַזוי ווי ביי אַנדערע קערפּער. וועגן דער שייכות פון די ביידע וועלטן, — סיי די, וואָס

געפינט זיך אויסער דעם סוביעקט און די, וואָס גייט אַריין אין סוביעקט, וועלכע מיר פאַרשטייען, אייגנטלעך, אונטערן נאָמען „וועלט“,—איז ביי שאָפּענהויערן צוליב זיינע מעטאַפיזישע אויספירונגען נאָכמער פאַרשאַרפט געוואָרן ווי ביי קאַנטן.

צי עקזעסטירט עפעס אויסערן סוביעקט? צי האָט די אויסערע „וועלט“ אויך אַ באַזונדערן, פון אָביעקט אונאָפּהייגיקן, „זיין, וועלכן מיר קאָנען נישט וויסן, אָדער יעדער „זיין“ איז באַגרענעצט דורכן סוביעקט און זיינע פונקציעס?

דאָס „דינג אַן זיך“. ווי באַוואוסט, האָט קאַנט די פראַגע אָפּגעהאַקט מיט דעם, וואָס ער האָט באַשאַפן דאָס „דינג אַן זיך“, וואָס געפינט זיך אויסערן סוביעקט, וואָס איז די אמתעווירק־לעכקייט און וועלכע אַפיצירט דעם סוביעקט.

אָבער אויך קאַנט אַליין האָט שוין געפילט די גאַנצע איבעריקייט און נישט צוגעפּאַסטקייט פון דעם באַגריף „דינג אַן זיך“ פאַר זיין פילאָזאָפיע, די ווייטערע אַנטוויקלונג פון דער קאַנטישער פילאָזאָפיע (מיימאָן, ריינגאָלד, שולצע) האָט פאַרוואַנדלט דאָס „דינג אן זיך“ אין אַ גרעניץ־באַגריף פון שכל, דאָס, וואָס דער שכל אַנערקענט אַלס גרעניץ פון זיין מעגלעכקייט.

די פראַגע וועגן רעאַליטעט ביי קאַנטן און שאָ־פּענהויערן. אין דער קאַנטישער פילאָזאָפיע איז די פראַגע וועגן דער רעאַליטעט פון דער אויסערלעכער וועלט געשטעלט געוואָרן אין פיל גינסטיגערע באַדינגונגען, ווי ביי שאָפּענהויערן, צוליב דעם וואָס די מעטאַפיזיק אין דער קאַנטיש׳ר פי־לאָזאָפיע באַגרענעצט זיך נאָר מיט קליינע פאָרזיכטיגע השארות. פאַרקערט, ביי שאָפּענהויערן, וואו דער הויפּט־עלעמענט איז די מעטאַפיזיק, איז די פראַגע וועגן דער

אויסערלעכער וועלט, וואָס געפינט זיך אויסערן סוביעקט און אויסער זיינע געזעצן פון געטנגלעכן גרונט, וויטער פאַרקאַרפּט און שטייט אין אַ סתירה מיט אַנדערע טיילן פון זיין פילאָזאָפיע.

קאַנטס רעאַלי־טעטסבאַגריף.

אין דער קאַנטישער פילאָזאָפיע דאַרפן מיר נישט זוכן די אויסערלעכע רעאַליטעט אין זיין אַזוי פּראָבלעמאַטישן און גאַנץ איבעריקן „דינג אן זיך", וואָס עקזיסטירט בלויז אויסער אונז און וועלכער אַפּיצירט אונזערע חושים, נײַן: די רעאַליטעט ביי קאַנטן באַדייט די אַלגעמיינהייט און די אַלגעמיינע פאַרפליכטלעכקייט פאַר יעדן אינטעלעקט פון די דערשיינונגען, דאָס, וואָס דער מענטשלעכער אָדער (ווי ביי אַנדערע ניי קאַנטיאַנער) דער אַלגעמיינער אינטעל־לעקט קען און מוז תופס זיין. פון דעם שטאַנדפּונקט הייסט ביי קאַנטן די מאַטעריע מיט אַלע אירע אייגנשאַפטן אין דעם שטח און אַלע דערשיינונגען מיט זייער צייטדויער אויך רעאַליטעט. די גאַנצע אַרבייט קאַנטס איז נאָר געווען איבער־צוטראָגן דעם שווערפּונקט פון דער עמפּירישער רעאַליטעט פונעם אויסערלעכן אינעם אינערלעכן.

דער שטאָף אַלס [illegible] סוב־סטאַנץ.

גאַנץ אַנדערש איז די פראַגע וועגן דער אויסערלעכער וועלט אָפּגעשטעלט ביי שאָפּענהויערן, פאַר וועלכן די גנאָסעאָלאָגיע דינט נאָר אַלס איינפירונג אין דער מעטאַ־פיזיק. אין פיל ערטער איז שאָפּענהויער געצוואונגען אָב־צוטרעטן פון זיין ערשטער מיינונג וועגן שטאָף, אַז דאָס איז נאָר די „פילענדיקע קאַוזאַליטעט", „די אַרבייט אין אַלגעמיין", און זאָגט זיך פיל מאָל אַרויס, אַז די מאַטעריע איז קאָררעלאַטיוו דעם אינטעלעקט. נאָר ביידע צוזאַמען בילדען די וועלט.

דער פענאָמענאַליזם וואָלט זיך ווי נאָכגעגעבן דעם מאַטע־

ריאַליזם. אַזוי זאָגט שאָפּענהויער אין איין אָרט : „די וועלט אַלס פאָרשטעלונג באַשטייט פון צוויי פאַראייניגטע העלפטן, יעדע האָט נור אויף אַזוי פיל אַוועקט און אַ מהות, אויף וויפיל זי איז פאַרבונדן מיט דער צווייטער, יעדע עקזיסטירט נאָר פאַר דער צווייטער און פאַרשווינ־דעט, ווען עס פאַרשווינדעט די צווייטע. די דערקענונג אָן אַ קאָררעליאַטיון אביעקט איז נישט קיין דערקענונג. דער אייביגער סוביעקט און דער אייביגער שטאָף בילדן די אומבאַוועגלעכע פּאָליוסן פון דער וועלט אַלס פאָרשטעלונג. דער סוביעקט איז דער אומבאַוועגלע־כער פונקט, אַרום וועלכן עס לויפט די צייט מיט אַלע אירע פאָרשטעלונגען: ווען עס זאָל פאַרשוואונדן ווערן בלויז איין פאָרשטעלענדעס וועזן, וואָלט מער נישט געוועזן קיין וועלט אַלס פאָרשטע־לונג: דער טויט קען טרעפן נאָר דעם אינדיווידואום, וועלכער איז אויף אַ קורצע צייט דער טרעגער פון אייבי־גען סוביעקט „און ליגט נישט אין דער מאַכט פון דער פענאָמענאַלער צייט“. — דער קאָרעלאַ־טיוויזם צווישן סוביעקט און אָביעקט.

„דער אינטעלעקט — דאָס איז אַ וואונדערבאַרע פאַנטאַס־מאַרגאָנישע טעטיקייט, אויף וועלכע מיר קענען נאָר שטוינען און באַוואונדערן, אכישוף־מאַכער וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט“. — דער אינטעלעקט

שאָפּענהויער באַוואונדערט אויף פאָלגענדן אופן דעם אינטעלעקט: פאַר מיר זענען געשטאַנען צוויי זאַכן, צוויי קערפּער אויסערלעך גאַנץ שיין. איינס פון זיי איז געווען אַבריליאַנטענע וואַזע מיט גאָלדענע זייטן און הענטלעך, דאָס צווייטע איז געווען אן אָרגאַנישער קערפּער: אַמענטש. נאָך אַ לאַנגן אויסערלעכן באַטראַכטן פון דיביידע זאַכן,

האָב איך געבעטן דעם מלאכל, וואָס האָט מיר דאַמאָלסט באַגלייט, ער זאָל מיר דערלויבן אַריינצודרינגען אין דעם אינעווייניגסטן תּוך פון דיביידע זאַכן. ער האָט עס מיר דערלויבט. איך בין אַריין אין דער וואַוע, אָבער דאָרטן האָב איך גאָר נישט געפונען, אויסער דער שווערקראַפט און דער מיר אומפאַרשטענדלעכע צוציאונגסקראַפט צווישן די טיילן, אָבער ווי גרויס איז געווען מיין פער־וואונדערונג, ווען איך בין אַ ריין אין דעם אינעווייניגסטן תּוך פון דער צווייטער זאַך! און ווי זאָל איך דערציילן דאָס, וואָס איך האָב דאָרטן געזען, אַלע מעשהלאך פון די פעען זיינען נישט אַזוי וואונדערבאַר. אינעווייניג פון דער זאַך, מייסטענס אין זיין אויבערשטן טייל, וועלכן מען רופט אָן קאָפּ און וואָס איז אויסערלעך ענלעך צו יעדער אַנדערער זאַך, וואָס פאַרנעמט אַ שטח. האָט אַ וואָג און אַזוי ווייטער. — וואָס האָב איך דאָרטן געפונען? דאָרט איז געווען אַ וועלט מיט אַ אונענדלעכן שטח, וואו אַלץ עקזיסטירט און אַן אומבאַגרעניצטע צייט, וואו אַלץ דער־שיינט. און וואָס איז נאָך אונגלויבלעכער: איך האָב דאָרט באַמערקט זיך אַליין, אַריינגייענדיק און אַ רויסגייענדיק... אָט וואָס איך האָב געפונען אין דער זאַך, וואָס האָט די גרויס נישט מער ווי אַ גרויסע פּרי און וואָס דער תּליון קען אָפּאַקן מיט איין קלאַפּ און אַזוי פאַרניכטן די גאַנצע וועלט אין אים. און די וועלט וואָלט נישט עקזיסטירט ווען די זאַכן זאָלן זיך נישט פאַרמערן אונאויפהערלעך, אַזוי ווי שוואָמען, כּדי אויפצונעמען די וועלט, וועלכע וואָלט אַנ־דערש פאַרזונקען געוואָרן אין פינסטערניש פון „נישט זיין", כּדי איבערצוגעבן איינס דעם אַנדערן די גרויסע איין און דיזעלבע בילד, וואָס מיר רופן אָן אָביעקט".

די טראַנססוב־יעקטיווע ווירקי־לעכקייט.

אין דער צייט ווען מיר האָבן געדאַרפט דערוואַרטן פון דער עקסט סובּיעקטיווער פילאָזאָפיע, אַז אַלץ הייבט זיך אָן מיטן סוביעקט און ענדיקט זיך מיט אים, אַזוי ווי שאָ־פּענהויער זאָגט אין פיל טיילן פון זיין פילאָזאָפיע, הערן מיר וואונקן, אַז דער שטאָף וואָלט ווי באַזיצן אַ אייגענעם קיום אויסער דעם סובּיעקט, ווי ער וואָלט אויפערן צו זיין נאָר אַ ריינע קאַאוזאַליטעט און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאָררעלאַט פון אינטעלעקט. עס איז נאָר געגנוג צו דער־מאַנען, אַז שאפּענהויער קוקט פיל מאָל אויף די גאַנצע פאָרשטעלונגס אַרבעט פון אינטעלעקט אַלס אויף אַבּאַווע־גונג פון די געהירן, ריכטיק, ווי זי זאָל שטיין אינגאַנצן אויף אַ מאַטעריעלן באָדן. אָדער ווי שאָפּענהויער דריקט זיך אויס: „דער שטאָף איז די פאָרשטעלונג פון וויסענדן און דאָס וויסן אַליין איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דעם שטאָף, אַ מאָדיפיקאַציע פון שטאָף“.

אייבער שאָפּענהויער האָט פריער געזאָגט, אַז אויסערן אינ־טעלעקט עקזיסטירט גאָרנישט, בייט זיך די פּלאַטפאָרמע אַזוי איבער, אַז אויסערן אינטעלעקט עקזיסטירט נישט קיין פאָרמע און בילד פון אונזערע פאָרשטעלונגען, וועלכע ווערן באַשאַפן פון אַדורכגאַנג פון די אָביעקטן דורכן אינטע־לעקט. דאָס איז אַלזאָ נאָר אַ רעלאַטיווער „גאָרנישט“, וועלכער איז אין אמתן אַ טראַנססוביעקטיווע ווירקלעכקייט.

די וועלט איז אַלזאָ נישט נאָר אַ זעאונג, אַ פאָרשטעלונג, נאָר אויך אַ „זיין“, און אין דעם ענטדעקען דעם סוד פון „זיין“ ליגט די גאַנצע אָריגינאַליטעט פון שאָפּענהויערס שאפן, דאַגעגן זיין גנאָסעאָלאָגיע, איז דורך און דורך אָפּהייניגיק פון קאַנטן.

די נויטיקייט פון א נייעם מעטאָד פאָר דער מע־טאפיזיק.

אָבער כּדי צו דערקענען די טראַנססוביעקטיווע ווירקלעכקייט קען מען זיך פאַר קיין פאַל נישט באַנוצן מיטן אינטעלעקט, וועלכער זייענדיק אַ גרויסער כישוף־מאַכער, איז פון דער אַנדערער זייט גאַנץ הילפלאָז מיט זיינע באַגריפן. פאָר דער מעטאַפיזיק מוזן מיר אַלזאָ זוכן אַ אַנדער מעטאָד, וואָס איז גאָרנישט ענלעך צו זיין טעטיקייט מיט דער הילף פון געזעץ פון גענוגלעכן גרונט. מיר וועלן זיך יעצט ווענדן צו דעם נייעם פילאָזאָפישן מעטאָד און זען צו וואָס פאַר אַ וויכטיקע רעזולטאַטן ער פירט: צו דער באַטראַכטונג פון דער וועלט אַלס ווילן,

---

## V.

## די וועלטאַלסווילן (מעטאפיזיק) וואָליונטאַריזם, אָביעקטיוואַציע פון אידייען.

די מעטאפיזיק.

די פילאָזאָפיע איז נאָך שאָפּענהויערן די לערע וועגן דעם מהות פון דער וועלט, די גנאָסעאָלאָגיע איז נאָר דער אָנהויב פון פילאָזאָפישן דענקן און איז נישט מער ווי אַ מבוא צו דער הויפּט פראַגע פון דער פילאָזאָפיע: וואָס איז אַזוינס די וועלט?, וואָס ליגט אין איר גרונט?, וואָס איז אַזוינס דאָס קלאפּעדיקע, ברויזענדע, אַזוי צוציענדע און אַזוי אַ מאָל אָפּשרעקעדיקע וועלט האַרץ? אויף דער פראַגע דאַרף ענטפערן די מעטאפיזיק. די מעטאפיזיק בילדעט דעם וועזענטלעכן טייל פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע, אין איר איז זיין גאַנצע שאַפונגס־קראַפט און זיין אָריגינאַליטעט. מען דאַרף אָבער צוערשט

באַמערקן אַז שאָפּענהויער איז גאַנץ ווייט פון אַ פולן אויסשעפּענדן ענטפער אויף דער פראַגע – וואָס איז אַזוינס די וועלט? אין פיל ערטער פון זיין פילאָזאָפיע דערמאָנט שאָפּענהויער, אַז זיין פילאָזאָפישע סיסטעם איז נישט קיין אַלוויסענדע און אַלץ-ערקלערענדע, אַז זיין לערע איז נאָר אַ עטאַפּ אויף דעם וועג פון אמתן זוכן פון מהות פון דער וועלט.

דאָס מעטאַפיזישע באַדערפעניש פון מענטשן

דער איבערגאַנג פון דער גנאָסעאָלאָגיע צו דער מעטאַפיזיק איז, נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש פון מענטשליכן גייסט, אין וועלכן עס לעבט תמיד אַ מעטאַפיזישעס שטרעבן. דער מענטש איז אַ מע-טאַפיזישע היה, זיינע בעסערע פאָרשטייער לעבן שטענדיק מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז די וועלט פון די דערשיינונגען איז נישט אַלץ, וואָס עס הייסט „וועלט״, אָדער אַז דאָס „זיין״ פון דער וועלט איז אַזוי מעגלעך ווי זיין „נישט זיין״. זיי זיינען שטענדיק דורכגענומען מיט אַ פאַרלאַנג אריינ-צודרינגען אין דעם האַרץ פון דער וועלט, דעם מקור פון אַלע מעגלעכע דערשיינונגען. סיי אין דער אויסערן וועלט, סיי אין זיך אַליין געפינט דער מענטש פיל סבות, וועלכע נישט ווילנדיק גיבן אים אַ שטויס צו דער מעטאַפיזיק, צום זוכן דעם עצם פון דער וועלט נשמה. אין דער נאַטור שטויסט זיך אָן דער מענטש אויף סודות-פולע נאַטור כוחות ווי ליכט, שווערקייט, עלעקטריציטעט, מאגנעטיזם, וואַרעמקייט אָדער דאָס געשלעכטליכע לעבן אין דער אָרגאַנישער וועלט. מיט שרעק און הילפלאָזיקייט נעמט אויף דער מענטש אין זיך די דערשיינונג פון טויט, וועל-כע איז פאַר אים דאָס גרעסטע שלעכטס און טרייבט אים דאַריבער צום מעטאַפיזישן דיינקען. דעם טויט האַלט דאַ-

ריבּער שאָפּענהויער פאַר דעם גרעסטן אימפּולס צו דער מעטאַפיזיק. אויף וואָס פאַר אַ וועג קען אָבער דערגרייכט ווערן דאָס מעטאַפיזישע וויסן? און וואָס פאַר אַ פאָרמע נעמט אָן די מעטאַפיזיק אין פאַרגלייך מיט דער וויסנשאַפט?

באַגריפן און אָנשויאונגען

מיט דער הילף פון אונזערע באַגריפן קענען מיר נישט געפונען דעם פּרינציפּ, וואָס איז דער מקור פון אַלעס לעבן און באַוואוסטזיין, ווייל ווי שוין באַוואוסט איז אונזער גאַנצער וויסן באַגרעניצט מיט די פונקציעס פון שכל, מיט דעם פּירפּאַכן וואָרצל פון געזעץ פון גענוג-לעכן גרונט, פון וואַנען דער שכל קען נישט אַרויסגיין; און עס קען גאָר קיין ריידע נישע זיין אַז דער אינטע-לעקט זאָל קענען איבערשפּרינגען דעם געזעץ פון גענוג-לעכן גרונט און דערקענען דעם וועלט פּרינציפּ מיט דער הילף פון זיינע באַגריפן. אַלע זיינע באַמיהונגען אין דעם פּרט זיינען געגליכן צו די באַוועגונגען „פון אַ וועווערקע אין אַ פאַרמאַכטן ראַד“.

די באַגריפן וואָס דער אינטעלעקט פאַרמאָגט זיינען נישט נאָר נישט אומשטאַנד צו לעזן די פראַגע וועגן דעם מהות פון דער וועלט, נאָר קענען אַפילו אין זייער גאַנצן קאָמ-פּלעקט אונז נישט געבן קיין פולן וויסן פון דער נאַטור (אַפילו אין די גרעניצן פון שכל), אין דעם אינזיכט פאַר-נעמט שאָפּענהויער אַ באַזונדער אָרט צווישן די פילאָזאָפן, וועלכע פלעגן מייסטנס אָפּערירן מיט דער הילף פון שכל באַגריפן.

שאָפּנהויער געהערט צו די איראַציאָנאַלע דענקער, וועלכע זיינען אַזוי פרעמד אין דער אייראָפּעאישער פילאָזאָפיע, וועלכע לייקענען אָפּ אינגאַנצן דעם ווערט פון באַגריפן

אויפן וועג פון פילאָזאָפישן און וויסנשאַפטליכן נאָכזוכונג. „די באַגריפן זיינען ווי די לבנה, וואָס האָט נישט קיין אייגן ליכט און מוזן עס נעמען פון די אָנשויאונגען.

דאָס אמתע וויסן, זאָגט שאָפּענהויער, קענען אונז געבן נאָר די אָנשויאונגען, וועלכע ווערן דערנאָך פאַרוואַנדלט אין באַגריפן, די באַגריפן אַליין קענען נישט איבערגעבן אַלע מאָדיפיקאַציעס פון די אָנשויאונגען, וועלכע זיי פאַרבייטן.

„אונזער אינטעלעקט איז ווי אַן אַסיגנאַציאָנס באַנק, וועלכער דאַרף האָבן, איב ער איז נאָר ערליך, שטענדיק גרייט אין קאַסע באַרע געלט פאַר די אבליגאַציעס, וועלכע ער גיט אַרויס: די אָנשויאונגען זיינען דאָס באַרע געלט, די באַגריפן אַססיגנאַציעס.“

די פילאָזאָפישע מעטאָדע

אויפן וועג פון זיין זוכן דעם עצם פון דער וועלט, דעם אָנהויב און דעם סוף פון אַלע דערשיינונגען, דאַרף דער פילאָזאָף אינגאַנצן אויסמיידן די הילף פון די באַגריפן און אינגאַנצן זיך איבערגעבן זיינע אָנשויאונגען, און

די פאָרמע פון דער פילאָזאָפיע אַלס וויסנשאַפט

ערשט דערנאָך אַז זיין ציל ווערט דערגרייכט, קען ער די רעזולטאַטן פון זיין נאכזוכונג איבערלייגן אין באַגריפן, וועלכע האָבן נאָר דעם איינציקן פאַרדינסט, וואָס זיי דריקן אויס עפּעס אַ אַלגעמיינהייט, אַ אבסטראקציע פון א צונויפזאַמלונג פון אָנשויאונגען. דער מקור פון דער פילאָזאָפיע זיינען די אָנשויאונגען, אירע אויסדריקן אָבער באַשטייען פון באַגריפן. „די פילאָזאָפיע איז דאַריבער ווי אַ אבסטראַקטע וועלט קאָפּיע“. די באַגריפן זיינען טאַקע דער מאַטעריאַל פון דער פילאָזאָפיע. אָבער נאָר אַזוי פיל ווי מראָמאָר איז דער מטעריאַל פאַרן סקולפּטאָר: זי דאַרף שאַפן אין זיי און נישט פון זיי, ווייל דעם אמתן

וויסן גיבן נאָר די אָנשויאונגען און נישט די באַגריפן. ווענדן מיר זיך צו דער מעטאַפיזיק, דאַרפן מיר דאָרט זוכן אַלס הילפסמיטלען די לעצטע און גרעסטע אָנשויאונגען, אויף וועלכע דער מענטש איז פעאיק. דעם העכסטן גראַד דערגרייכן די אָנשויאונגען אין אינעוויניקסטן אַקט פון זעלבסטבאַוואוסטזיין, אַלס די לעצטע אינעוויניקסטע אינטואוציע, אין וועלכער מיר דאַרפן געפינען דעם שליסל צו דער מעטאַפיזיק. „די לעצטע רעטעניש פון אַלעס „זיין" אין דער וועלט טראָגט דער מענטש אין זיך." דער פרינציפ פון דער וועלט איז דער זעלבער, וואָס דער פרינציפ פון דעם מענטשן און זוכן דעם פרינציפ דאַרפן מיר אויך אין דעם אינעוויניקסטן אַקט פון זעלבסט־באַוואוסטזיין, אַלס די העכסטע אינטואיציע.

דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיין — דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיין איז די קייזערלעכע וועג צו דער מעטאַפיזיק, וואָס אַנטפּלעקט אונז מיט אַ מאָל אַלע סודות פון גאַנצן קיום, די סודות, וועלכע מיט דער הילף פון אינטעלעקט וואָלטן מיר קיינמאָל נישט געוואוסט. דאָס אינטואיטיווע זעלבסטבאַוואוסטזיין איז, ווי שאָפּענהויער דריקט זיך אויס, אַזוי ווי אַן אונטערערדישער גאַנג, וועלכער פירט אַזוי ווי דורך אַ פאַראַט גלייך אין דאָס אינעוויניקסטע פון אַ שטאַרקער פעסטונג, וועלכע עס איז אוממעגלעך איינצונעמען דורך אויסנווייניקסטע אַטאַקעס.

וואָס אַבער איז דאָס אַזוינס דער אַזוי פאַר שאָפּענהויערן וויכטיקער אַקט פון אינערלעכן אינטואיטיוון זעלבסטבאַוואוסטזיין? אָדער אַנדערש: וואָס ווייסן מיר פון זיך אַליין? וואָס קענען מיר ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס איז מיין מהות?

דער קערן פון מענטשן

אויף דער פראַגע, וואָס בין איך? וועט קיין מענטש נישט ענטפערן, אַז דאָס איז זיין קערפער. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז דער קערפער נאָר אַן אָביעקט צווישן אָבּיעקטן און אונטערליגט ביי זיין אויפנעמען אַלע תנאים פון געזעץ פון גענוגלעכן גרונט. מען קאָן אָבער אויך נישט זאָגן, אַז דאָס איז דער שכל, וואָס פאַרשטייט און נעמט אויף אַלץ. מיר האָבן שוין געזען, אַז דער אינטע-לעקט איז נאָר אַ וואונדערבאַרער קאַליידאָסקאָפ, וואָס באַזיצט זיינע געזעצן און אייגנשאַפטן. מיר וועלן אויך ווייטער זען, אַז דער אינטעלעקט פאַרנעמט נישט דעם ערשטן אָרט, אַז ער פאַרנעמט דעם צווייטן, אָדער נאָך ריכטיקער דעם דריטן אָרט נאָך עפּעס אַן אַנדער פרינציפּ, וועלכן מען קאָן אָנרופן דער מענטש אַליין.

דער ווילן צום לעבן

פאַרטיפנדיק זיך אין זיך אַליין פילן מיר, אַז אין אונז שלאָגט אַ אימפּולס פון לעבן. דעם אימפּולס קאָן איך זיך אַליין נישט גוט כאַראַקטעריזירן מיט ווערטער, ער איז אומפאַרשטענדלעך סודות-פול פאַר מיר אַליין, נישט קוקנ-דיק אויף זיין אַזוי כלומרשטע נאָנטקייט. מען קאָן אים אָנרופן „דער אינסטינקט פון לעבן“, „די אומהויפערלעכע שטרעבונג צום לעבן“, „דער מוט פון לעבן“, אַממייסטן פילט ער זיך „אין דער זודיקער פינסטערער ליידנשאַפט פון געשלעכטליכן אינסטינקט.“

מיר רופן אָן דעם אימפּולס „ווילן“, ווי שאָפּענהויער זאָגט, נישט באַזיצנדיק קיין אַנדער טערמין (ווייל אונטערן נאָמען „ווילן“ באַצייכענען מיר די אַלע אויך באַקלערטע מעשים — דאָס שטייט טאַקע אין באַציהונג מיטן „ווילן“. דאָס איז אָבער נישט זיין דירעקטער אויסדרוק.

דער ווילן דאָס איז „דאָס אייביקע און אומפאַרניכטעטע

אין מענטשן," „זײַן לעבנס פּרינציפּ". דער „ראַדיקאַל פון זײַן נשמה". יעדערער, וואָס וויל אינטואיטיוו אַרײַנדרינגען אין זײַן „איך", פילט דאַן, אַז דאָס איז דער פאַרבאַלטענער אין אים ווילן, אַז נאָר דער ווילן אַליין איז זײַן אמתער „איך", אז אפילו זײַן שכל איז אויך נאָר אַ בײַזאַך, איז נישט ער אַליין, נישט זײַן הויפּט פּרינציפּ, ווײַל זיך אַליין קאָן מען תופס זײַן נאָר אַלס ווילן.

„דאָס אוניווערסאַלע וועזן פון אַלע דערשײַנונגען האָבן מיר אָנגערופן „ווילן" אין דעם אויסזען ווי עס לאָזט זיך אַנטפּלעקן אין וועלכער עס איז פאָרמע, אָבער דאָס וואָרט באַדײַט פאַר אונז נישט מער, ווי אַ אומבאַקאַנטער X; נאָר מיר קוקן אויף דעם (אויפן ווילן), ווי עפּעס מער באַקאַנטעס, וואָס איז פון איין זײַט און דאַריבער זיכערער ווי אַלץ אַנדערעס".

**דער וועלטפּרינציפּ איז אַנטראָפּאָלאָגיש**

די ווײַטערע אַנטוויקלונג פון דער פילאָזאָפיע איז די פאַרשפרייטונג פון דעם פּרינציפּ „ווילן" אויף דעם גאַנצן קיום. דאָס איז דער וועג פון דער גרויסער, ברייטער און טיפער אַנאַלאַגיע. דער וועלט פּרינציפּ איז אַנטראָפּאָלאָגיש, דאָס, וואָס איז דער מהות פון מענטשן, דאָס איז דער מהות פון דער גאַנצער וועלט, דאָס, וואָס איז דער אַטאָם דאָס אייגענע איז אויך דער גאַנצער אָרגאַניזם, די גאַנצע וועלט צוזאַמען דאָס איז דערזעלבער ווילן, דער בלינדער סטיכישער ווילן צום זײַן.

**דער ווילן אַלס די אימאַנענטע קראַפט פון דער וועלט**

מען דאַרף אָבער דאַבײַ קיין טעות נישט האָבן און מיינען, אז די וועלט איז עפּעס אַ אויסדרוק פון ווילן, אַ אויספּירונג פון ווילן, דאָס וואָלט זײַן קעגן דעם גאַנצן כאַראַקטער פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע. דער „ווילן" דאָס איז דער אימאַנענטער תוך פון דער וועלט, דאָס איז

די וועלט אַלײן מיט אַלע אירע דערשײנונגען און גע־שטאַלטן. יעדע באַוועגונג. יעדע בילד פון לעבן פון די קלענסטע באַוועגונג פון דער קלענסטער באַשעפעניש ביז דער באַוועגונג פון די אומבאַוועגלעכע שטערנס מיט אלע מילכשטראסן איז אַלץ אײן און דערזעלבער פּרינציפּ, וואָס געפינט זיך אין אונז און וואָס איז אונזער מהות — דאָס איז דער ווילן.

„אז מיר וועלן זיך אײנקוקן מיט וואָס פאַר אַ אומאײנגע־האַלטענע קראַפט דאָס וואַסער שטרעבט אין דער טיף, מיט וואָס פאַראַ האַרטנעקיקײט די מאגניט־נאדל ווענדעט זיך נאָר צום צפון, מיט וואָס פאַראַ לײדנשאַפטלעכן פאַר־לאַנג דאָס אײזן ציט זיך צו צו אים, מיט וואָס פאַראַ קראַפט די פאַרשידענע, פּאָליוסן פון דער עלעקטריציטעט זוכן זיך צו פאַראײניקן, ווי אַזוי רעגלמעסיג, נאָך אַלע ריכטונגען, עס ווערט געבוירן דער קריסטאַל, ווי אַזוי די חימישע עלעמענטן זוכן אָדער מײדן אויס אײנע דאס אַנדערע, אָדער ווי אַזוי יעדער געוויקס קלײבט זיך אויס אויף אַ באַוואוסטן אופן אירע באַדינגונגען, פײכטקײט, נאַסקײט, ליכט, וואַרימקײט, ווי אַזוי צום בײשפּיל אַ בוים מאַטערט זיך דורכצושטופּן אירע וואָרצלען דורך שטײנער, וועלכע שטײען אים אויפן וועג און ענדלעך דער אײבי־קער קאַמף פאַרן עקזיסטענץ און פאַרלענגערונג פון זײן מין אין דער מלוכה פון חיות, וועלן מיר זען בחוש, אַז דער וועלט פּרינציפּ איז דער זעלבער „ווילן“ וואָס איז אין אונז, דער ווילן צום אומענדלעכן עקזיסטירן.

ווילן און קראַפט

מען האָט פיל מאָל געמאַכט שאפּענהויערן דעם פאָרוואורף, אַז זײן „ווילן“ קען מען פאַרבײטן מיטן וואָרט „קראַפט“: געוויינלעך פאַרשטײען מיר אונטערן „ווילן“ באַקלערטע

מעשים, וועלכע ווערן אלזא געטאָן דורכן באַפעל פון אינטעלעקט, דאַגעגן שאפענהויערס „ווילן" איז עטוואָס ווילדעס, סטיכישעס אומבאַקלערטעס. אָבער דאָס וואָרט „קראַפט" גיט נישט איבער די אַנטראָפּאָלאָגישע מיקראָקאָסמישע אַנטשטעאונג פון דער מעטאַפיזיק און דאָס איז פאַר שאפענהויערן דאָס וויכטיגסטע.

„פאַר מיר פלעגט מען משובד מאַכן דעם באַגריף „ווילן" צום באַגריף „קראַפט", ביי מיר איז פאַרקערט, איך קוק אויף יעדע נאַטורקראַפט ווי אויף אַ ווילן. דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער ווערטער שטרייט, פאַרקערט: דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פונקט, ווייל דער באַגריף „קראַפט" שטאַמט נאָר פון צוקוקן זיך צו דער אָביעקטיווער וועלט. זי איז נאָר אַ אבסטראַקציע פון דעם צוזאַמענהאַנג פון יעדער אורזאַכע און אירע רעזולטאַטן, אָבער דער באַגריף „ווילן" איז דער איינציקער, וועלכער שטאַמט נישט פון די אויסערלעכע דערשיינונגען, נאָר פון אינעווייניקסטן באַוואוסטזיין פון יעדן אינדיווידואום, אפילו אָן אַ פאָרמע פון סוביעקט און אָביעקט, ווייל ביי דעם באַגריף קומט פאָר אַ צוזאַמענפאַלן פון סוביעקט און אָביעקט, און דאַריבער קאָנען מיר משובד מאַכן „קראַפט" צו „ווילן", אַזוי ווי עפעס א אומבאַוואוסטע צו אַ באַוואוסטע. אייבער פאַרקערט — אַזוי ווי מען פלעגט דאָס טאָן פאַר מיר — משובד מאַכן „ווילן" צו „קראַפט" וואָלט דאָס הייסן וועלן אַרויסנעמען אַ באַוואוסטע זאַך פון אַ אומבאַוואוסטע, דאָס וואָלט הייסן אָפּזאָגן זיך פון אונזער אוממיטלבאַרן אינעווייניקסטן וויסן, וועלכן מיר באַזיצן."

די אייינהייט פון דעם וועלט ווילן

די ערשטע כאַראַקט.ריסטיק פון דעם וועלט ווילן איז אלזא דער מאָניזם — די איינהייט. מען קאָן נישט זאָגן,

אַז דער ווילן געפינט זיך אין איין אָרט מער און שטאַר-
קער ווי אין אַנדערן, צום ביישפּיל אין מענטשן מער ווי
אין אַ שטיין, נאָר ער איז אומעטום דאָ אינגאַנצן. דאָס
איז אלזא די פולהייט אין איינס און די איינהייט אין
פולן, אָדער ווי שאָפּענהויער זאָגט: ווען עס זאָל קאָנען
פאַרשוואונדן ווערן — מיר דאַרפן אָבער נישט פאַרגעסן
וואָס עס הייסט נאָך שאָפּענהויערן „פאַרשוואונדן" — נאר
איין זאַך פון דער וועלט, דאַן וואָלט אויך מוזן די גאַנצע
וועלט פאַרשוואונדן ווערן, ווייל די קלענסטע זאַך האָט
אויך אין זיך דעם גאַנצן וועלט-ווילן און צוזאַמען מיט
זיך האָלט עס אויך געקאָנט פאַרטיליקן דעם ווילן און
ממילה דעם גאַנצן וועלט-קיום.

די צווייטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם וועלט ווילן איז זיין
בלינדקייט און סטיכישקייט. דער ווילן פון דער וועלט,
דער אומענדלעכער לוסט צום לעבן, צו עקזיסטירן און
פאַרלענגערן זיין עקזיסטענץ, ווייס נישט פון קיין שכל
און קיין לאָגיק, דאָס איז דורכויס נאָר איין בלינדער
ברענענדיקער פאַרלאַנג צום לעבן.

דער וועלט ווילן איז בלינד

פאַר אונז שטייט יעצט די פראַגע: ווי אַזוי האָט דער
ווילן געשאַפן די וועלט, זיינע צוויי הויפּט כאַראַקטעריס-
טיקעס, וועלכע מיר האָבן דאָ דערמאָנט — די איינהייט
און די בלינדקייט ווייזן אויף דעם היפך צו דעם, וואָס
מיר זעען אין דער וועלט. די וועלט איז ערשטנס פאַר-
שידנארטיק און צווייטנס, פילמאָל קלוג און ראציאָנעל
איינגעאָרדנט, מיט זייער אַ גרויסן מאַסשטאַב פון אינטע-
ליגענץ.

דער איבערגאַנג פון דעם איין בלינדן ווילן — ענטפערט
שאָפּענהויער — צו די פאַרשידנאַרטיקייט פון דער וועלט,

די וועלט פון די אידייען

אָדער אַנדערש, דער פּראָצעס פון שאַפן די וועלט ווערט געמאַכט דורך דער הילף פון דער אָביעקטיוואציע פון ווילן אין אידייען.

אין שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע האָט ווידער מיט אַ נייע קראַפט אויפגעלעבט פּלאַטאָנס קלאַסישע לערע פון די אידייען.

שאָפּענהויער פאָדערט, אַז אונטער „אידייע" זאָל מען פאַרשטיין דעם ערשטן פּלאַטאָנס זין פון דעם וואָרט. אין פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע באַדייט אידייע אַ טיפּ — אַלס דער היפּך צום אינדיווידואום, וועלכער געערט אַליין צום טיפּ. די וועלט פון אידייען דאָס איז די וועלט פון טיפּישע מה־תן, אַלס היפּך צו דער וועלט פון איינצעלנע דערשיינונגען.

דער איינציקער פאַרמאַכטער אין זיך ווילן, וואָס האָט נאָר איין שטרעבונג צום „זיין", גיסט זיך אויס אין אַ סעריע לעבנס־פאָרמען, אָביעקטיווירט זיך אין אַ סדרה פון אידייען, אַ סדרה פון וועלט טיפּן, וועלכע צופאַלן זיך דערנאָך אויף איינצעלנע זאַכן און דערשיינונגען.

אויף דאָ האָט שאָפּענהויער נישט געגעבן קיין גאַנץ באַפרידיגענדן ענטפער אויף דער פראַגע: ווי אַזוי האָט דער איינהייטלעכער ווילן איבערגעגאַנגען אין אַ סך אָבגעטיילטע טיפּן.

דער כאַראַקטער פון די אידייען

די אידייען, די וועלט־טיפּן געפינען זיך אויסערן שטראָם פון צייט, זיי זיינען אומשטערבלעך. צווישן דעם וועלט פּרינציפּ און אונזער וועלט פון איינצעלנע זאַכן און דערשיינונגען געפינט זיך אַלזא אַ מיטל־וועלט, אַ איבערגאַנגס וועלט, דאָס איז די וועלט פון די פּלאַטאָנישע אידייען.

אין פאַרגלייך מיט די איינצלנע זאַכן קאָנען מיר אויך זאָגן, אַז די אידייען זיינען דאָס רעאלע אמתע „זיין“. פאַר פלאַטאָנען איז דער אונטערשייד צווישן אידייען און איינצלנע דערשיינונגען געווען דער אונטערשייד צווישן ריינעם דענקען און מאַטעריעלן אויפנעמען פון זאַכן, ווי עס איז באַקאַנט פון זיין לערע, אַז יעדעס וויסן איז אַ דערמאָנען זיך: זכרונות פון דער נשמה פון איר לעבן איידער זי איז געקומען אויף דער ערד. די אידייען האָבן דאַריבער אין זיך מער „זיין“ ווי די איינצלנע זאַכן. אויך ביי שאָפּענהויערן האָבן די אידייען מער משמעות ווי די איינצלנע זאַכן, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס זיי שטייען נענטער צום ווילן, זיי זיינען דער אוממיטלבאַרער איבערגאַנג פון ווילן צו וועלט, זיי האָבן אין זיך מער וועלט־קיום און דערנענטערן זיך דאַריבער אַביסל צו קאַנטס „דינג אָן זיך“. „דאָס וואָס קאנט רופט אָן „דינג אַן זיך“

די אידייען און קאנטס „דינג אַן זיך“

„נאומען“ און דאָס וואָס פלאַטאָן רופט אָן „אידייע“, דאָס זיינען געוויס, נישט צוויי די זעלבע באַגריפן, אָבער דאָך ענלעכע און נאָנטע. דער אינעווייניקסטער זין פון די ביידע לערעס איז דערזעלבער. זיי ביידע זעען אין דער גאַנצער מאַטעריעלער וועלט נאָר אַ שאטן, מאיא — ווי ד' אינדיער רופן דאָס אָן, אַ שאטן, וועלכער איז אַליין גאָרנישט און באַקומט נאָר אַ באַדייטונג און ערעאַליטעט פון דעם, וואָס ער דריקט אויס, פון קאנטס „דינג אַן זיך“ אָדער פון פלאטאנס „אידייע“ — פון אנאומען, וועלכן עס זיינען אינגאַנצן פרעמד די באַדינגונגען פון די דערשיינונגען. צייט, שטח און קאַאוזאַליטעט.“

די אידייען אַלס שטאַפּלען פון דער נאַטור

שאָפּענהויער פאָלגט אויך נאָך פלאַטאָנען אין זיין לערע פון די שטאַפּלען פון אידייען, אָנהויבנדיק פון דער העכ־

רער און ענדיקנדיק מיט דער נידעריקערער. די טיפֿן זיינען אַזוי פֿאַרבונדן איינס מיטן אַנדערן, אַז איינס גייט אַרויס פֿון אַנדערן, (צו די אייגענע רעזולטאַטן איז אויך געקומען דורך אַ וויסנשאַפֿטלעך עקספּערימענטאַלן וועג דער היינטיקער דאַרוויניזם) יעדער טיפּ האָט די שטרעבונג צו באַשאַפֿן אַ העכערן.

די אידייען אין דער נישט אָר-גאַנישער וועלט. אין דער נישט אָרגאַנישער וועלט אָביעקטיווירט זיך דער ווילן אין נאַטורקרעפֿטן; די אידייע איז אַלזאָ די נאַטור-קראַפֿט, וועלכע שאַפֿט די איינצלנע דערשיינונגען. עס איז גאַנץ לייכט — זאָגט שאָפּענהויער — צו דערקאָנען דעם כאַראַקטער פֿון ווילן אין די בלינדע נאַטור-קרעפֿטן ווי אין דעם כעמישן געלוסט פֿון איין קערפּער צום צווייטן, אין דער שווערקראַפֿט, וועלכער איז אַזוי ווי עפּעס אַזוכע-ניש, ווי אויך אין עלעקטריציטעט, ליכט, מאַגנעטיזם, וואַרעמ-קייט.

די מלוכה פֿון פֿלאַ.צונגען. אין דער מלוכה פֿון געוויקסן ווייזן זיך אַרויס די אידייען אַלס טיפּן פֿון פֿלאַנצונגען, די פֿלאַנצונגען זיינען איינ-געטיילט אין באַשטימטע געשטאַלטן, אין באַזונדערע פֿאָרמען, פֿון וועלכע יעדע איינע איז אַ אויסדרוק פֿון דער אָביעקטיוואַציע פֿון ווילן.

די שטאַפּלען פֿון די אידייען: העכערע און נידעריקערע טיפּן, ווייזן זיך אויך אַרויס צווישן אַנדערע אין דעם, וואָס שאָפּענהויער האָט צוגעשריבן די פֿלאַנצונגען אַ שטיקל באַוואוסטזיין, עטוואָס ענלעכעס צו דעם לעבעדיקן, ווייניק-סטנס אַ אויסדרוק פֿון צופֿרידנהייט און אומצופֿרידנהייט.

די מלוכה פֿון די לעבעדיקע בריאים. אין זיין העכערע אָביעקטיוואַציע, און דער מלוכה פֿון די לעבעדיקע באַשעפֿענישן האָט זיך דער ווילן באַשאַפֿן אַ אינטעלעקט, עס איז געבוירן געוואָרן דער מח.

*דער אינטעלעקט און זיין ראָל*

דער אינטעלעקט דאָס איז ווי אַ אינעווייניקסטע לאַמטערנע, וואָס לייכט דעם וועג פאַרן בלינדן ווילן, „דער ווילן האָט אים אָנגעצונדן, כדי ער זאָל זיך אַליין קענען אין אים זען“. דער בלינדער ווילן איז ווייטער נישט געווען אומ־שטאַנד צו גיין, עס האָט אים פאַרפעלט אינטעליגענץ און ער האָט באַשאַפן דעם אינטעלעקט, וועלכער איז ביי דעם ווייטערדיקן זעלבסטקאַמף פאַרן דערליינגערן זיין קיום אַלץ מער פאַרפאָלקאָמט געוואָרן און האָט דערגרייכט זיין העכסטע שטופע אין מענטשן.

*די פּאַרקערפּערונג פון די אידייען אין מינים פון חיות*

יעדער מין פון די לעבעדיקע באַשעפענישן איז איין אידייע, איין אָביעקטיוואַציע פון דעם וועלט ווילן. די איינצלנע ברואים ווערן געבוירן און פאַרשוואונדן, דער מין אָבער איז אייביק: פערד ווערן געבוירן און שטאַרבן, אָבער דער מין פערד איז איין קראַפט פון דער וועלט, אַ באַזונדערע אָביעקטיוואַציע פון ווילן, אַ וועלט אידייע און איז דאַרום אומשטערבלעך.

„גיט אַקוק אויף אייער הונט – זאָגט שאָפּענהויער – ווי פריילעך און לעבנסלוסטיק ער שטייט פאַר אייך. אַ סך הינט זיינען געשטאָרבן איידער דער איינער האָט אָנגע־הויבן צו לעבן. אָבער דער טויט פון די אַזויפיל הינט האָט זיך נישט געקאָנט צורירן צו דער אידייע פון דעם מין הינט, אָט פאַרוואָס דער הונט איז אַזוי פריילאַך, אַזוי פול מיט כּוחות, אַזוי ווי היינט זאָל זיין דער ערשטער טאָג און דער לעצטער וואָלט קיינמאָל נישט דאַרפן אָנקו־מען. עס דאַכט זיך, אַז אין זיינע אויגן לייכט נאָך זיין איי־ביקער פרינציפּ.

*שאָפּענהויער און דער היינטיקער דאַרוויניזם.*

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט זיינען שאָפּענהויערס אויספי־רונגען וועגן דער אַנטוויקלונג פון איין מין פון דעם

אַנדערן איינשטימיג מיטן היינטיקן דאַרוויניזם; זיי צו־גייען זיך אָבער אין די אורזאַכן פון דעם מינים ענטוויק־לונגס־פּראָצעס.

איינשטימיג מיטן דאַרוויניזם, דערקלערט אויך שאָפּענהויער די אַנטוויקלונג פון די מינים אַלס אַפּראָגרעסיווע ווילנס־אָביעקטיוואַציע, וועלכע שטרעבט שטענדיק צו אַלץ מער פּאַרפאָלקאָמטע פּאָרמען, דאַגעגען, פּאַרלייקנט אינגאַנצן שאָפּענהויער דעם הויפּט פונדאַמענט פון דאַרוויניזם, דעם עוואָליוציאָנעם אומענדליכן, אונהויפּערליכן שטאַפּעלדיגן איבערגאַנג פון איין מין צום צווייטן. דער איבערגאַנג ווערט געמאַכט נישט אַלמעליך, דורך אַ אומענדליכן דער־נענטערן זיך, נאָר מיט איין מאָל מיט איין לעבענסאַקט.

נישט די אויסערלעכע סיבות און דער געזעץ פון צו־געפּאַסטקייט צו די אויסערלעכע אומשטענדן זאָלן קאָנען שאַפן נייע מינים, נאָר דער אייגענער ווילן, וואָס האָט צום ביישפּיל באַשאַפן דעם העלפאַנט, האָט אויך באַשאַפן זיין שנאָבל, און נישט דער שנאָבל איז באַשאַפן געוואָרן דורך דער נויטיקייט אָנצוכאַפּן מיט אים זאַכן.

אַז די אַלטע מינים ווערן אומנייטיק צוליב דעם, וואָס דער ווילנסאַקט, וועלכן זיי פּאַרקערפּערן, געפינט זיך שוין אין די נייערע, דאַן ווערן זיי פּאַרניכטעט. אויף אַזאַ אופן איז, נישט קוקנדיק, וואָס אין פּאַרעלטניס צו די אינדי־ווידואומס איז דער מין אומשטערבלעך, דאָך געפינט ער זיך נאָך אין צייטלעכע פּאַרעלטניסן צו דעם ווילנס־פּרינציפּ.

דער קערפּער עס איז אויך אַביסל סתירה־דיק שאָפּענהויערס קוק אויפן קערפּער, פון איין זייט איז דער קערפּער אַ פּאַרמיטלער צווישן דעם ווילן און זיין אינטעלעקט, פון דער אַנדערער

ייט איז ער פאַרן אינטעלעקט אַליין נאָר אַ פאָרמע פון ווילן.

דער לעבנס־פרינציפ.

יעדער מין האָט זיין לעבנספרינציפ, אַלס אַ באַוואוסטע דעפינירטע ווילנסריכטונג, וועלכע קען זיך פאַרקערפערן אין אַבאַוואוסטע פאָרמע, און דער לעבענספרינציפ געפינט זיך אין יעדן אָרגאַניזם פון דעם מין און דאָס איז אויך דאָס זעלבע, וואָס מיר פילן אַלס אונזער ווילן.

דער מענטש אַלס די העכסטע אָביעקטיואַציע.

אין מענטשן דערגרייכט די אָביעקטיוואַציע פון ווילן איר העכסטע מדרגה, ווייטער קען שוין די נאַטור נישט גיין צוליב דעם, וואָס נאָך אַ העכערע אָביעקטיוואַציע וואָלט מוזן אַרויסרופן צו הילף נאָך אַ העכערן אינטעלעקט ווי דעם מענטשלעכן, וועלכער וואָלט קענען אינגאַנצן פאַרשטיין די צוועקן פון ווילן, דאָס אומנוצלעכקייט פון „זיין" בכלל, און זיין אייגענע נידעריקע ראָל. דאָס אַליין וואָלט שוין מאַכן דאָס לעבן גאַנץ אוממעגלעך.

דער מענטש־לעכער אינדי־ווידואום אַלס אונשטרבלעכע אידעע.

אייגנטלעך וואָלטן מיר געדאַרפט קוקן אויף דעם מענטשלעכן אינדיווידואום, ווי אויף יעדע באַשעפעניש, וואָס געערט צו אַ געוויסן מין. מיר וואָלטן געדאַרפט זאָגן, אַז אייביק איז נאָר די אידייע פון מענטש: די מענטשהייט, דער איינצעלנער אינדיווידואום דאַרף געבוירן ווערן און אינגאַנצן פאַרשוואונדן ווערן, ווייל אַזוי ווי אַנדערע באַ־שעפענישן, איז ער נישט אומשטאַנד צו טראָגן די אידייע פון זיין מין. אין אמתן הערן מיר אָבער פון שאָפּענהויערן אַנדערש און דאָס איז אפשר דאָס וואונדערבאַרסטע, שענ־סטע, גיפּנאָטיש – צוציענדסטע אין שאָפּענהויערס פילאָ־זאָפיע. יעדערער מענטש איז פאַר זיך אַליין אַ אידייע, ער אַליין איז אַבאַוואוסטע, שטרענג דעפינירטע ווילנסריכ־טונג: אַ וועלט שעפּפערישער ווילנס־אַקט, ער איז אַ

מעטאַפיזיש עס וועזן, ער אַליין איז דאָס זעלבע, וואָס אַ גאַנצער מין, ער אַליין איז אַ אידייע. דער מענטש אַליין איז דעריבער אומשטערבלעך. אָבער, אַז מען זאָגט אין שאָפּענהויערשן זין „דער מענטש אַליין" מיינט מען נאָר דעם ווילנס־אַקט, וועלכן דער מענטש פאַרקערפּערט, אַז נאָר ער איז אומשטערבלעך, דאַגעגען דער אינטעלעקט, אַלס אַ צווייטעשטופיקעס אין מענטשן אונטערליגט דעם צייטוועכסל און ווערט פאַרשוואונדן צוזאַמען מיטן טויט פון אינדיווידואום.

מיר האָבן שוין פריער געזען, אַז דער מהות פון מענטשן איז דער ווילן. מיר וועלן דאָ נאָך ברייגגען אייניגע שאָפּענהויערס באַווייזן, אַז דער אינדיווידואום. איז נאָר די ווילנסריכטונג, וועלכע ער פאַרקערפּערט, אַז נאָר דער ווילן איז דער מענטש אַליין, נאָר ער איז זיין פּרינציפּ. דעריבער איז דער ווילן מעטאַפיזיש און ערשטקלאַסיש, דאַגעגן דער אינטעלעקט איז פיזיש און פון אַ צווייטער מדרגה.

דער פּריאָריטעט פון ווילן איבערן אינטעלעקט.

דער ווילן צום לעבן און דער שרעק פאַרן טויט קומען נאָך פריער פאַרן שכל און זיינען אונאָפּהייגגיק פון אים. דער ווילן הערשט שטענדיק איבערן אינטעלעקט; ליידנ־שאַפטן און נייגונגען פאַרפירן דעם אינטעלעקט, דער אינטעלעקט קאָן זיך בייטן אין צייטן אָדער צוליב אַנ־דערע סבות, דער ווילן, אָדער, ווי מען רופט עס, דער כאַראַקטער פון מענטשן, איז שטענדיק דער זעלבער. דער אינטעלעקט ווערט מיד, דער ווילן קיין מאָל נישט, דער ווילן איז טעטיק אַפילו בשעתן שלאָף. שטענדיק ווען דער מענטש רעדט וועגן זיך, רעדט ער וועגן זיין כאַראַקטער, אַלס ווי וועגן זיך אַליין, דאַגעגן וועגן זיין אינטעלעקט

רעדט ער נאָר ווי וועגן עפּעס אין אים. גוטע פעאיקייטן זיינען אמתנה פון גאָט, אַ גוטער כאַראַקטער דאָס איז דער מענטש אַליין. מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן איז כמעט שטענדיק פאַרבונדן כבוד זוכעניש, גאווה און אַנדערע אויסערלעכע זאַכן, די מאָראַלישע צופרידנהייט פון זיין כאַראַקטאר געפינט זיך אָבער אין מענטשן אַליין. זיינע שלעכטע מעשים לייגט דער מענטש שטענדיק אַרויף אויפן אינטעלעקט, וועלכער האָט אים כלומרשט פאַרפירט, אָבער געוויינלעך נישט אויף זיין כאַראַקטער. דאָס איז אַלץ צוליב דעם, וואָס דער אינטעלעקט איז עפּעס אַ קראַפט אין איס, דאַגעגן דער כאַראַקטער דאָס איז ער אַליין.

דער מהות פון מענטשן איז נישט אין קאָפּ נאָר אין האַרצן".

דער גייסטיקער (אינטעליגיבּלער) און עמפּירישער כאַראַקטער.

אונטערן נאָמען „כאַראַקטער" קען מען אָבער נאָך שאַפּענהויערן פאַרשטיין צוויי פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע שאָפּענהויער רופט אָן דער גייסטיקער אָדער אינטעליגיבּעלנער כאַראַקטער און דער עמפּירישער כאַראַקטער. דער לעצטער איז, נאָר אַ צייטווייליגע מאָדיפיקאַציע פון גייסטלעכן, ער ווערט אויך צוזאַמען מיטן אינטעלעקט פאַרניכטעט. אייביק איז נאָר דער גייסטלעכער כאַראַקטער, דער מעטאַפיזישער ווילנסאַקט, דער סוד פון מענטשלעכן זיין.

דאָס אונשטערבלעכע אין מענטשן.

דער גלגול נפשות, אין וועלכן עס גלויבן די מערהייט מענטשן איז אַ סימבאָלישער אויסדרוק, אַז דער ווילן פון מענטשן, דער כאַראַקטאר, שטאַרבט נישט אָפּ צוזאַמען מיט אים און מוז זיך ווידער פאַרקערפּערן, ווייל אַנדערש וואָלט דאָס זיין אַ ווידערשפּרוך צו דער איינהייט פון דעם וועלט ווילן.

„די דערשיינונג פון מיין פערזענליכקייט איז אויף אַזוי־
פיל אַ קליינער טייל פון מיין רעאַלן „זיין", אויף וויפיל
דאָס לעצטע איז אַ טייל פון דער גאַנצער וועלט, ווי אַזוי
קען איך זיך שרעקן פאַרן פאַרלירן דער דאָזיקער אינדי־
ווידואַליטעט, בשעת איך טראָג אין זיך די מעגלעכקייט
פון אַ אומענדלעכע צאָל פון לעבנס? אַ באַגרעניצטע אינ־
דיווידואַליטעט, וועלכע וואָלט אייביק קאָנען עקזיסטירן
וואָלט געפירט צו אַמאָנאָטאָנען לעבן אַזוי, אַז עס וואָלט
שוין אַ סך בעסער געוואונשן געווען דער „נישט זיין".
פאַרלאַנגען די אומשטערבלעכקייט פון פערזענלעכקייט—
דאָס וואָלט הייסן וועלן אומענדלעך פאַרלענגערן די איל־
ליוזע". דער גייסטיקער כאַראַקטער, דער טרעגער פון די
אומענדליכע צאָל לעבנס, מאָדיפיצירט זיך אין אומענדלעכע
פיל עמפירישע כאַראַקטערן און אינטעלעקטן, וועלכע ווי־
דערשפרעכן דאָך נישט זיין אייביקייט און אומפאַרענדער־
לעכקייט. אין אַ ריין קריסטאַליזירטע פאָרמע געפינען מיר
דעם געדאַנק אין די אינדישע ווערדן:
„אייביק בין איך, אייביק איז די וועלט. עס ווערט גאָר
נישט געשאַפן, נאָר אַלץ שטייט אומבאַרירט ווי אַ באַרג
שפיץ, ווי אַטורעם, און כאָטשע די לעבעדיקע ברואים ווערן
געבוירן און שטאַרבן דאָך זיינען זיי אייביק".
„איך גלויב — זאָגט שאָפּענהויער — אַז ווען דער טויט
מאַכט צו אונזערע אויגן, זעען מיר אַזאַ ליכט, געגן וועלכער
די ליכט פון אונזער זון איז נישט מער ווי אַ שאָטן".
דער טויט פון מענטשן איז נאָר זיין גרויסער קריזיס, נאָר
אַ איבערגאנג פון איין „זיין" צום צווייטן, פון איין לעבן
צום אַנדערן. וואָס פאַר אַ באַדייטונג און אַ ווערט דאַרף
אָבער האָבן דאָס „זיין" פאַר זיך אַליין, דער גאַנצער

קיום מיט זיין לוסט צום לעבן? אויף רער פראַגע ענט־
פערט שאָפּענהויערס פעסימיזם.

---

## VI.

### די וועלט אַלס ווילן. (פעסימיזם)

נאָך שאָפּענהויערס מעטאַפיזיק וואָלטן מיר געדאַרפט זאָגן, אַז די וועלט קאָן האָבן נאָר אַ פיזישן ווערט, נישט קיין מאָראַלישן, אַז אין דער פילאָזאָפיע קאָן גאָר נישט גע־שטעלט ווערן די פראַגע: וואָס איז דער מאָראַלישער ווערט פון דער וועלט? אַז די באַגריפן „גוט“ און „שלעכט“ קאָנען גאָר אין דער פילאָזאָפיע קיין פלאַטץ נישט פאַר־נעמען, אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן אַ אַנדער גרויסער מאָ־ניסט — שפּינאָזע, וועלכער האָט דערקלערט די באַגריפן „גוט“ און „שלעכט“ נאָר פאַר סוביעקטיווע באַגריפן פון דעם, וואָס עס קאָן מיר זיין נוטצליך און אומנוטצליך. דאַ־געגן הערען מיר אָבער פון שאָפּענהויערן, אַז די וועלט האָט אַ מאָראַלישן ווערט און דאַרף אויך אָפּגעשאַצט ווערן לויט די נאָך פון פאַר דער וועלט עקזיסטירנדע באַ־גריפן פון „גוט“ און „שלעכט“. און אין דעם איז שאָפּענהויער ווידער אַ געטרייער תלמיד פון קאַנטן. ווי פאַרשידן עס זאָלן נישט זיין אין פיל פונקטן זייער מאָ־ראַל און ווי שאָפּענהויער זאָל נישט אָפּלייקענען דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו קאַנטס, דאָך האָבן זיי ביידע עטוואָס געמיינזאַמעס אין דעם גלויבן אין אַ עקזיסטענץ

דער מאָראַלישער ווערט פון דער וועלט

פון אַ אומבאַדינקטער מאָראַלישער קראַפט, אין אַ אומ=
באַדינקטן „גוט“ און „שלעכט“, אין אַ טראנס=סוביעקטיוון
„מאָראַלישן געזעץ.“

מעטאַפיזישער פעסימיזם

פון מאָראַלישן שטאַנדפונקט – זאָגט שאָפּענהויער — איז
די וועלט דורך און דורך שלעכט. נאָר בלויז איר איין
עקזיסטענץ איז שוין דאָס שלעכטס אַליין, ווארום ווי קאָן
אַ וועלט, וואָס איז אַליין נישט מער ווי אַ בלינדער ווילן
דער ווילן צום עקזיסטירן, צום דערלייגערן און דער
האַלטן זיין עקזיסטענץ, זיין מאָראַליש און גוט? אַ איינציגע
שטרעבונג אָן אָפּשטעל און אָן צילן קאָן קיינמאָל נישט
זיין באפרידיקט, און רעדט שוין אַליין געגנוג וועגן אַ
גרויסן איבערוואוכס פון ליידן אַויף דער וועלט. אָבער

עמפּירישער פּעסימיזם, דאָס פּיזישע שלעכטס

שאָפּענהויער שטעלט זיך מער אָפּ אויף דאָס עמפּירישע
שלעכטס אויף דער וועלט.

די פאַרלאַנגען און שטרעבונגען, וועלכע זיינען דער גאַנ=
צער וועזן פון מענטשן קאָן מען פאַרגלייכן מיט אַ אומ=
געשטילטן דורשט. דער גרונט פון מענטשלעכן עקזיסטענץ
זיינען אייביקע באַדערפענישן, נויט און ליידן. אַלס די
העכסטע ווילנס=אָביעקטיוואַציע איז דער מענטש דאָס
ליידנסטע פון אַלע באַשעפענישן. ער איז אַ פאַרקערפּערונג
פון פאַרלאַנגען און קאָנקרעטע באַדערפנישן, אַ אַגרעגאַט
פון טויזנטער נויטווענדיקייטן, זיין לעבן איז נישט מער
ווי אַ קאַמף פאַרן עקזעסטירן און אין דעם קאַמף מוז ער
בלייבן באַזיגט.

לעבן אַלס סינאָנים פון ליידן

לעבן — דאָס הייסט ליידן, איינס איז כמעט אסינאָנים פון
צווייטן, דאַגעגן פאַרגעניגן איז עפּעס נעגאַטיוועס און קאָן
נאָר באַדייטן אַ צייטווייליקן אויפהער פון ליידן. עס איז
נאָר געגנוג אַרומצוקוקן זיך אויף דער גרויסער צאָל ליידן,

אויף דאָס אומענדלעכע קייט פון ליידן סיי פון איינצלנעם מענטשן, סיי פון דער גאַנצער מענטשהייט, סיי פון אַלע ברואים און אַרויסצוטראָגן דער וועלט אַ באַשולדיגונגס-אורטייל. אַזאַ וועלט, וועלכע איז אַ פאַרביטערטע קאמפּס-אַרענע פון אַלע באַשעפענישן פאַר זייער עקזיסטענץ, וואו יעדע באַשעפעניש קאָן לעבן נאָר, ווען זי פרעסט אויף די צווייטע, קאָן ני שט זיין גוט. ווער עס וויל אויסמעסטן די ליידן און פאַרגעניגן, וואָס זיינען דאָ אויף דער וועלט, דער זאָל פאַרגלייכן דעם פאַרגעניגן און ליידן, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך איין אַקט — דאָס אויפפרעסן איין באַ-שעפעניש דורך דער צווייטער — די שרעקלעכע ליידן פון דער ערשטער און דאָס קליינע צייטווייליקע צופרידנהייט פון דער צווייטער.

יעדע זאַך, צו וואָס מיר שטרעבן, פאַרשאַפט אונז ליידן, דאַגעגן ביים דערגרייכן פאַרלירט די זאַך איר ערשטן רייץ: „דאָס געשמאַקע נעריכט הערט אויף צו עקזיסטירן פאַר אונזער געפיל פון דעם מאָמענט, ווען עס איז איינ-געשלונגען געוואָרן.“

די ליידן פון מענטשן

דער מענטש אַלס דאָס העכסטע און פילבאַרסטע באַשעפע-ניש, „דער קאָנקראַמענט פון טויזנט באַדערפנישן האָט אויך אויף זיין גורל די גרעסטע צאָל ליידן. אפילו אַ פיזישן ווייטאָק פילט דער מענטש פיל שטאַרקער, ווי אַ אַנדערע באַשעפעניש, דאַצו קומען נאָך זיינע גייסטיקע ליידן.

די פאַרלאַנגען און שטרעבונגען, וועלכע זיינען דער גאַנ-צער וועזן פון מענטשן, קאָן מען פאַרגלייכן מיט אַ אומ-געשטילטן דורשט. דער גרונט פון מענטשלעכן עקזיסטענץ זיינען אייביקע באַדערפנישן, נויט און ליידן. אַלס די העכסטע ווילנס אָביעקטיוואַציע איז דער מענטש דאָס

ליידנסטע פון אַלע באַשעפעניש̈ן. ער איז אַ פאַרקערפּערונג פון פאַרלאַנגען און קאָנקרעטע באַדערפעניש̈ן „אַ אַגרעגאַט פון טויזנטער נויטיקייטן.“ זיין לעבן איז נישט מער ווי אַ קאַמף פאַרן עקזיסטירן און אין דעם קאַמף מוז ער בלייבן באַזיגט. „עס איז גענוג צוצוזען די גרויסע שרעקלעכע ליידן אין די פאַבריקן, אין די לאַזאַרעטן, אין די געפענג־גענישן, קאַטאָרגעס אין אויף די שלאַכטפעלדער“, „עס איז גענוג“ — זאָגט שאָפּענהויער — „נאָר צוצוקוקן זיך צו די שרעקלעכע בילדער און צו קאָנען זאָגן, אַז דער אָפּטימיזם, אין וועלכן עס גלויבן און לערנען איינציגע פילאָזאָפן איז נישט נאָר אַגעמיינער נידערטרעכטיקער ליגן, נאָר אויך אַציניש אָפּשפּאָטן פון דער ליידנדער מענטשהייט“. יעדער איינער, ווען ער מאַכט אַבאַלאַנס פון זיין לעבן, זעט ער שטענדיק, אַז די ענערגיע אויסגאַבע איז אָן אַ ערך פיל מאָל גרעסער ווי די איינגאַבע. דער יונגל שטעלט זיך פאָר די וועלט שיין און רייצנד. ער רייסט זיך מיט אימפּעט צו איר און אין דער ווירקלעכקייט ערוואַרטעט אים איין ענטוישונג נאָך דער אַנדערער ביז ער דערגייט צום פולן ייאוש.

„אַלע אַרבעטן, אַנדערע גייסטיק, אַנדערע פיזיש, אַלע זיינען פאַרטאָן אין דער סומאַטאָכע און קיינער קען זיך אַפילו נישט אומקוקן און זען, אַז די רעזולטאַטן פון דער אַזוי אָנגעשטרענגטער אַרבעט זיינען נישטיק“.

די הוצאה און די הכנסה פון לעבן.

אונזער גאַנצעס לעבן געפינט זיך צווישן צוויי פּאָליוסן פון ליידן: צווישן נויט און לאַנגווייליקייט. ווען מיר באַפרייען זיך פון איין ליידן פאַלן מיר אַריין אין די צווייטע, אונזער לעבנסוועג איז אַלאווירן צווישן דער סציללע פון נויט און דער כאַריבדע פון לאַנגווייליקייט. הערט

נויט און לאַנגווייליקייט—אַלס די פּאָליוסן פון לעבן.

אויף אויף אַווײַלע די שרעק פאַרן נויט, דאַן הייבט זיך
אָז דאָס אַנדערע נישט קלענערע, אייבער נישט גרעסערע
שלעכטס — לאַנגווײַליקייט.

דער אינטע=לעקטועלער צו=שטאַנד פון די מייסטן מענטשן

אין אינטעלעקטועלן און מאָראַלישן זין שטייען די
מענטשן אויך אין אַזאַ טרויעריקע לאַגע, ווי אין פיזישן.
די גרעסטע מערהייט מענטשן זיינען טעמפ, נישט אויס=
שליסדיק אפילו די, וועלכע האָבן שוין באַקומען זייער
בילדונג אין אַלערליי שולן. די בילדונג, וואָס באַשטייט
נישט פון אמתן וויסן, נאָר פון אַ אויסלערנען, וואָס ווערט
נישט איבערגעלעבט נישט אין געפיל און נישט אין מוח,
האָט נישט קיין גרעסערן ווערט ווי אַ פאַפוגיי — אויסגע=
לערנטקייט. די וויסנשאַפט, וועלכע מען דערווערבט נישט

אמתע און פאַלשע בילדונג

דורך קאַמף און שווערן דענקען, נאָר דורך אַ אויסלער=
נען אין שוין אַ גרייטע און „אַ פאָפולערע" פאָרמע, איז
נישט קיין וויסן און האָט נישט קיין שום ווערט! ווארעם
קאָן מען דען זאָגן, אַז דער שילער, אויף וועלכע שטאפל
פון בילדונג ער זאָל זיך נישט געפונען, באַזיצנדיק וועלכע
ידיעות אין פאַרשידענע וויסנשאַפטן, איז אומשטאַנד זיי
ווירקלעך צו וויסן און אָפּצושאַצן? קאָן דען דער גימנאַ=
זיסט און סטודענט אויסלערנענדיק זיינע זאַצן צום עקזאַ=
מען (כדי זיי דערנאָך צו פאַרגעסן) וויסן זייערע ריכטי=
קע באַדייטונג, איבערלעבן זיי ווי זייערע ערשטע שעפער.
נאָר אייניקע פון מיליאָנען קאָנען אָפּשאַצן די גרויסע
אוצרות פון דער וויסנשאַפט, נאָר ווייניק מענטשן פאַר=
טיפן זיך אין זיי און שאַפן אין זיי. שאָפּענהויער איז אַ
געגנער פון דער אלער=ברייטסטע פאַרשפרייטונג פון דער
וויסנשאַפט. זיין גאַנצע פילאָזאָפיע איז דורכגענומען מיטן
אַריסטאָקראַטישן גייסט, מיט אַ שנאה צום המון, שוין

נישט רעדנדיק וועגן אָנקניפּן אים בילדונג, וועלכע ער איז נישט אומשטאַנד אויפצונעמען.

די גרויסע חסרונות פון מענטשלעכן אינ-טעלעקט

דער מענטשלעכער אינטעלעקט אַליין, נישט קוקנדיק אויף זיין גאַנצע וואונדערבאַרע אַרבעט, באַזיצט פיל חסרונות, ווי זיין איבערגעריסנהייט, שפּרינגעדיקייט און פאַרגעסנ-הייט. דאַצו דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז דער גאַנצער אינטעלעקט איז נאָר באַשטימט אויף צו דינען דעם ווילן, אַז ער איז נישט מער, ווי אַ קנעכט ביי דעם אַלמעכטיקן טיראַן — ווילן. און ווירקלעך איז דער גאַנצער אינטעלעקט ביי דער גרעסטער מערהייט מענטשן אָנגעווענדעט נאָר אויף צו באַפרידיקן דעם ווילן. די איינצלנע גייסטיק באַ-גאַבטע מענטשן — וועמענס אינטעלעקט איז שוין יאָ אומשטאַנד זיך אַ ביסל צו באַפרייען פון ווילן — פילן זיך אויף דער וועלט איינזאַם און דאַצו פּראַקטיש אומפעאיק. נאָכמער, די מערהייט מענטשן פאַרטראָגט נישט קיין הע-כערע אינטעליגענץ, קיין גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע. דער אמתער גאון איז דאַריבער אינסטינקטיוו פאַרהאַסט, די געוויינלעכע פלאַכע מוחות, וועלכע קאָנען אויבערפלעכ-לעך עטוואָס אויפכאַפּן, אויסנוצן דעם מאָמענט, פאַרטומלען און ליאַרמען, וועלן שטענדיק פאַרשטעלן דעם אמתן גאון, וועלכער קאָן נישט שאַפן פאַר זיין צייט און קאָן זיך נישט אונטערגעבן דעם געשמאַק פון דער מאַסע.

דער מאָראַלישער צושטאַנד פון די מייסטן מענטשן

נישט ליכטיקער איז דאָס מאָראַלישע לעבן פון די מענטשן. די מענטשן זיינען נאָך זייער טבע שלעכט... „דער מענטש איז די איינציקע חיה, וואָס פאַרשאַפט יענעם שלעכטס נישט צוליב אייגענע נוצן, נאָר צוליב דאָס שלעכטס אַליין."

דער קאַמף פאַרן קיום איז ביי די מענטשן נאָך פיל פאַר-

ביטערטער ווי בײַ די חיות: homo homini lupus.
ווי שאָפּענהויער זאָגט, קאָן דער מענטש זיך פילן גוט
אָדער בשעת אים אַליין איז גוט, אָדער בשעת ער זעט,
ווי יענעם איז שלעכט. ביידע פאַלן זיינען פאַר אים גלייך.
די אַלע ווערטער און מעשים, וועלכע דערציילן עפּעס פון
פריינדשאַפט, איבערגעגעבנהייט און מיטגעפיל זיינען נישט
מער ווי מאסקעס, אונטער וועלכע עס איז פאַרבאַלטן דאָס
אמתע עגאָאיסטישע געזיכט. דאָס זיינען אַלזאָ נישט מער
ווי גרויסע ליגנס, צו וועלכע מיר זיינען שוין אַזוי צו-
געוואוינט, אַז מיר ווילן זיי שוין אַליין גלויבן. אָבער די
גרעסטע ליגנס זאָגן מיר זיך אַליין. קיינעם זאָגן מיר
נישט אַזוי פיל ליגנס און קיינעם נאַרן מיר נישט אָפּ אַזוי
אָפּט און שווינדלעריש ווי זיך אַליין.
די איינצלנע שיינע נשמות, וועלכע טרעפן זיך שוין יאָ
אויף דער וועלט פילן זיך אַזוי ווי אַפּאָליטישער פאַר-
ברעכער פילט זיך, ווען מען פאַרשפּאַרט אים צוזאַמען אין
איין תפיסה מיט אַמחנה געוויינלעכע באַנדיטן. ער פילט,
אַז דאָ איז נישט זיין אמתער אָרט, אַז די איבעריקע
אַרעסטאַנטן שפּאָטן פון אים און פון זיין נאַרישער איידל-
קייט.

מען דאַרף זיך אָבער אויך נישט לאָזן פאַרפירן מיט האָפענונגן אויף דער צוקונפט. מען קאָן פאַר קיין פאַל נישט זאָגן, אַז די מענטשהייט וועט אַפילו אין דער וויי-טער צוקונפט ווערן בעסער, פיינער און קליגער, די גע-שיכטע ווייזט דאָס פאַר קיין פאַל נישט (ווי ריכטיק דאָס איז פאַר היינטיקער צייט !). שאָפּענהויער איז פון די גע-ציילטע פילאָזאָפן, וועלכע גלויבן נישט אין מענטשלעכן פּראָגרעס. די גאַנצע געשיכטע איז נאָר איין און דיזעלבע (די צוקונפט פון דער מענטשהייט.)

איבערחזורונג פון איין זאַך. די גאַנצע מענטשלעכע גע־
שיכטע איז נישט מער ווי אַ קייט פון בלוט־פאַרגיסונגען,
וואָס ווערן כּלומרש. געמאַכט צוליב באַפרייאונג, פּאַטרי־
אָטיזם און נאָך אַזעלכע נאַרישע כימערען. דעם פּאַטרי־
אָטיזם אַליין האָט שאָפּענהויער אָנגערופן די ליידנשאַפט
פון די נאַראָנים און די נאַרישסטע פון די ליידנשאַפטן".

דאָס אַלגעמיין מענטשלעכע געוויסן.

דאָס אַלגעמיינע „מענטשלעכע געוויסן, פון וועלכן עס רעדן אַנדערע דענקער, איז פאַר שאָפּענהויערן נאָר אַ גרויסער ליגן, אַ פאַלשע מאַסקע אויף צו פאַרשטעלן דעם אמתן בלוטדורשטיקן, ציינישן געזיכט פון דער מענטשהייט. דער טויט פון סאקראטן און פון כריסטאָסן קאָן דינען פאַר אַ איליוסטראַציע פון דעם „געוויסן". די בעסערע פאָרשטייער פון דער מענטשהייט ווערן תמיד פאַראורטיילט און אויסגעלאַכט. עס הערשט נאָר דער גראָבער קולאַק, דעם טאָן פון דער וועלט געשיכטע גיט נאָר דאָס קלינגען פון געווער.

די אוממעגליכ־קייט פון פּראָ־גרעסס.

די מענטשהייט קאָן ווייטער נישט פּראָגרעסירן, ווייל, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אויבן, ווען זי וואָלט זיך אינטעלעקטועל מער אַנטוויקלט וואָלט זי געזען די גאַנצע נוצלאָזיקייט פון איר עקזיסטענץ און די נידעריקע מיטיע וואָס זי פירט אויס — פאַרלענגערן דעם קיום פון דעם וועלט ווילן אין זיין בלינדע שטרעבונג צום „זיין" — און וואָלט דאַן אַליין געזוכט מיטלען צו מאַכן אַ סוף מיט זיך.

די איליוזיעס פון לעבן.

די מענטשן זיינען נאָר אַ געצייג אין די הענט פון דעם וועלט־ווילן, דעם ווילן צום „זיין". פאַרשידענע אָפּנאַרערי־שע האָפענונגען און פאַלשע איליוזיעס האַלטן אונז אויף

ביים לעבן און פאַרלענגערן די קייט פון אונזערע אומ־
ענדלעכע ליידן. אָבער די גרעסטע איליוזיע, מיט וועל־
כער דער וועלטווילן פאַרבלענדעט און פאַרפירט אונז,
ווייזט זיך אַרויס אין דער געשלעכטלעכער ליידנשאַפט,
וואָס איז פאַרן וועלטווילן דאָס הויפּטמיטל צו דערהאַלטן
זיינע אונהויפערלעכע שטרעבונג צום „זיין".

מעטאַפיזיק פון דער ליבע.

זיין „מעטאַפיזיק דער ליבע" האָט שאָפּענהויער אַליין געהאַלטן פאַר אַפּערל פון זיין שאַפן. און ווירקלעך: שאָפּענהויערס אַרגומענטן וועגן דעם מהות פון דער ליבע גיפּנאָטיזירן פילמאָל מיט זייער איבערצייגונגס־קראַפט און זיינען לאַנג געווען אַגעגנשטאַנד פון הייסע דיסקו־סיעס. — „וואָס איז די ליבע? — פרעגט שאָפּענהויער „אָט די שרעקלעכע קראַפט, וועלכע נעמט אַריין אין אירע נעטצן דעם גרעסטן טייל פון דער מענטשהייט, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר דאָס ענדציל פון אַלע מענטשלעכע שטרעבונגען, וועלכע ווירקט אויף אַלע וויכ־טיקסטע זאַכן, רייסט איבער די ערנסטע באַשעפטיגונגען, פאַרבלענדט די גרעסטע מוחות, וועלכע מאַרשירט אַריין אָן צערעמאָניעס מיט אירע אַלע קליינליכקייטן אין די באַראַטונגען פון די מלוכה־מענער און אין די איינזאַמע קאַבינעטן פון די געלערנטע, דרינגט אַריין אין געשטאַלט פון האָר־לאָקנס און ליבע בריוואַלעך אין די פאַרטפעלן פון די מיניסטאָרן און אין די מאַנוסקריפּטן פון די פי־לאָזאָפן, וועלכע צושטערט אַלע טייערע פאַרהעלטניסן, צורייסט אַלע באַנדן, רואינירט פאַרמעגנס און צושטערט קאַריערעס, מאַכט ערלעכע און גוטע מענטשן געוויסנ־לאָז און בייז — דאָס קאָן פאַר קיין פאַל נישט זיין דער לוסט פון אינדיווידואום צו פאַרגעניגן — ניין! דאָס

ווייטאָקט און קרעכצט דער געני פון דעם „מין", וועלכער זוכט אַלע מיטלען, נוצט אויס אַלע קרעפטן, כּדי צו פאַר־לענגערן זיין קיום. דער גאַנצער צוועק פון „ליבע" איז נאָר דאָס געבוירן פון אַנייעם מענטשן. דער אינדיווידו־אום ווערט אַריינגעפירט אין אַטעות, אַז עס האַנדלט זיך כּלומרשט נאָר וועגן אים אַליין. ער פאַרשטייט נישט, אַז ער איז דאָ נישט מער ווי אַמיטל, וועלכן מען נוצט נאָר אויס. דאָס זעלבע איז אויך מיטן אינסטינקט פון ליבע צו זיינע קינדער, וועלכער איז אויך נויטיק דעם געני פון מין כּדי זיך צו פאַראיטן פון אונטערגאַנג.

דער צוועק פון דער ליבע.

אין דעם געפיל פון ליבע איז אַממערסטן קאָנצענטרירט דער ווילן צום לעבן. שאָפּענהויער רופט אויך אָן דאַרי־בער די געשלעכט־אָרגאַנען: „די פאָקוסן פון ווילן". דאָס געשלעכטלעכע לעבן איז די קאָנצענטראַציע פון יע־דער טעטיקייט, זי געפינט זיך אומעדום, נישט קוקנדיק, וואָס מען וויל עס פאַרמאַסקירן. „זי איז די אמתע אור־זאַכע פון קריג און פרידן, פרייד און טרויער, די קוועלע פון שארפזיניקייט, דער שליסל צו אַלע געהיימע צייכנס און נישט אויסדרוקבאַרע פאַרלאַנגען, די טעמע פון דענקן פון אַלטע און יונגע, די צוקלעפּעדיקע טרוימען פון ערלע־כע און אויסגעלאַסענע".

די ליבע אַלס די קאָנצענטראַציע פון וועלט ווילן.

אין דעם איז די גאַנצע איראָניע פון לעבן, אַז די הויפּט־זאַך פון דער מענטשהייט ווערט געטאָן געהיים, ווערט איגנאָרירט אַלס עפּעס אַשעדלעכעס און אומכּבֿודיקעס, אין דער צייט ווען אין דער ווירקלעכקייט הערשט עס איבער אַלץ און לאַכט זיך אויס פון אַלע פּראָבן עס איינצוהאַלטן,

די נוצלאָזי ייט פון אַ קאַמף געגן ליבע

וואָרעם עס איז אוממעגלעך איינצואַלטן דאָס, וואָס איז דער צענטער פון ווילן. מען קאָן אפילו זאָגן, אַז דער מענטש איז אַ קאָנקרעטע געשלעכטלעכע שטרעבונג, ווייל פון דעם איז אָפּאיינגיק דאָס צוקונפטיקע לעבן.

דער מהות פון דער ליבע

די ליבע, וועלכע דערוועקט זיך צווישן צוויי אינדיווידואימען פון פאַרשיידענע געשלעכטן, דאָס איז נאָר דער פאַרלאַנג צו געבוירן אַ קינד, דער פאַרלאַנג איז אומבאַוואוסט פאַר די פאַרליבטע אַליין, ער איז אָבער קלאָר פאַר דעם געני פון מין, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל פון די צוויי מענטשן צו שאַפן א נייעם מענטשן. יעדע ליבע אָדער ריכטיקער געזאָגט, דער געשלעכטלעכער פאַרלאַנג — ביי־דע זאַכן זיינען פאַר שאָפּענהויערן אַלץ איינס: קיין פּלאַטאָנישע ליבע עקזיסטירט נישט און איז נאָר אַ זעלבסטאָפּנאַרונג— איז אַלץ אַזוי שטאַרקער, וואָס פאלקאָמענער עס קאָן זיין דאָס קינד, וואָס ויערט געבוירן, אָדער קאָן געבוירן ווערן פון די צוויי אינדיווידואימען. דאָס איז דער גאַנצער סוד פון דער ליבע, וועלכע ווערט אַזוי באַזונגען פון אַלע פּאָ־עטן פון אַלע צייטן. ביי דער ערשטער באַגעגעניש פון

דער חשבון פון דעם וועלטווילן

די פאַרליבטע, ביי דעם ערשטן הייסן בליק, וואָס זיי וואַרפן איינס אויף דעם אַנדערן, ווערט שוין געמאַכט דער קאַלטער חשבון: אויף וויפיל וועט דאָס קינד, וואָס קאָן יעצט געבוירן ווערן פון דעם צוזאַמענקומען פון די צוויי מענטשן פון פאַרשיידענע געשלעכטער זיין שטאַרק, פעאיק און פאָלקאָמען פיזיש און גייסטיק. די פאַרליבטע אַ יין ווייסן גאָרנישט פון אָט דעם קאַלטן חשבון. דער

דער אומבעוואוסטזיניקער עלעמענט אין דער ליבע.

פאַרליבטער (אָדער די פאַרליבטע) מיינט, אַז נאָר די פּערזאָן קאָן אים געבן דעם גרעסטן געניס אין דער וועלט. דער פאַרליבטער, אָדער די פאַרליבטע, איז גרייט אַוועק־

צוגעבן פאַר דער באַהערשונג פון דער איין פערזאָן זיין גאַנצע וועלט מיט אַלע אירע אוצרות און אָפטמאָל אַפילו זיין לעבן און ער איז גאַרנישט חושד, אַז עס האַנדלט זיך גאָר דאָ נישט וועגן אים, נאָר וועגן דאָס קינד, וואָס ער קאָן האָבן מיט דער פערזאָן, אַז דאָס קינד קען דאָ זיין זייער פאָלקאָמען, פונקט אין דער מאָס ווי ברענענדיק עס איז זיין ליבע. די פאָלקאָמענהייט פון קינד איז עקוויוואַלענט דעם פייער פון דער ליבע. דאָס זוכט אויס דער געני פון מין אַלערליי אַמצאות זיי צו וו׳ רפן איינעם אין צווייטן אין די אָרעמס, כדי אַרויסצוקריגן פון זיי דאָס פאָלקאָמענע קינד.

ווי גרויס דאַרף זיין די אַנטטוישונג פון פאַרליבטן, ווען נאָכן דערפילן זיין ברענענדיקן פאַרלאַנג זעט ער, אַז די פערזאָן קאָן אים נישט מער געבן ווי טויזענט אַנדערע, צו וועלכע ער איז גלייכגילטיק אָדער פילט אַפילו אַעקל אין געשלעכטלעכן זין. דאָס איז אַלץ צוליב דעם, וואָס די קינדער, וואָס קאָנען מיט זיי געבוירן ווערן פון אים׳ זיינען נישט פאָלקאָמען אָדער גאָר פיזישע און גייסטיקע קאַליקעס. דאָס ענדעציל פון דער ליבע איז נאָר דאָס געבוירן פון אַ נייעם מענטשן. דאָס קאָן מען זען פון דעם, וואָס דער פאַרליבטער יאָגט זיך נישט אַזוי נאָך אַ געגענזייטיקע ליבע, ווי נאָך אַגעשלעכטלעכע באַהערשונג. געגנזייטיקייט אין ליבע-,עפיל איז פאַר קיין פאַל נישט באַפרידיגענד: נישט ווייניק זעלבסטמאָרדן זיינען פאָרגעקומען ביי געגנזייטיקייט פון ליבע, דאַגעגן באַפרידיקט זיך אינגאַנצן דער פאַרליבטער ווען ער דערגרייכט זיין ציל אָן געגנזייטיקייט אפילו דורך געוואַלדטאַט.

דעם אָנהויב פון מענטשלעכן לעבן דאַרף מען אַלזאָ

אָנרופן דעם מאָמענט, ווען די עלטערן האָבן זיך איבער־
געוואָרפן מיטן ערשטן ליידענשאַפטלעכן בליק. דאָס איז
דער אָנפאַנג פון דער נייער אידייע, וועלכע שטרעבט צום
עקזיסטענץ. ווי מיר ווייסן שוין, איז דער מענטשלעכער
אינדיווידואום אַ אידייע, אַזוי ווי אַ באַזונדער מין אין
דער נאַטור. דעריבער איז „ליבע“ — דאָס אינדיווידועלע

דאָס געבוירן פון אַ נייער אידייע

אויפזוכן פון דער פערזאָן פון זיין געשלעכטלעכער באַ־
דערפעניש — מעגלעך אויך נאָר ביים מענטשן. די גע־
שלעכטלעכע באַפרידיגונג אַליין איז אינגאַנצן אונאָפּאייִנגיק
פון פיזישן און מאָראַלישן צושטאַנד פון דער צווייטער
פערזאָן. און דאָס איבערקלייבן און אויפזוכן פון אַפערזאָן,
וועלכע קאָן כלומרשט געשלעכטלעך דעם מענטשן באַפרי־

די ליבעס־פאָדערונגען און די פערזענלעכע פאָדערונגען

דיגן, באַווייזט שוין, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן דעם
מענטשן אַליין, נאָר וועגן אימעצן אַנדערש — דאָס איז
דאָס צוקונפטיקע לעבן. די ליבעספאָדערונגען זיינען דערי־
בער כמעט שטענדיק סותר דעם איינצעלנעם גליק פון
מענטשן. מיר ליבן נאָר די, וועלכע ציען אונז צו נאָר
אין געשלעכטלעכן זין. נאָר דערמיט דערקלערט זיך „וואָס
פרויען פון אַזוי פיל גרויסע מענטשן זיינען געווען ווי
אַפאַרקערפערונג פון בייזע טייוואָלים און שלעכטע חיות“...
און דאַמיט ערקלערט זיך, וואָס מיר טרעפן אָפטמאָל אויך
אַ ברענעדיקן האַס צו דער פערזאָן פון אונזער ליבע. דער
אונטערשיד צווישן חתונות דורך אַאויסרעכענונג אין
חתונות דורך ליבע באַשטייט אין דעם, וואָס ביי די ער־
שטע האַנדלט זיך וועגן אונזער אייגענעם לעבן און ביי
די צווייטע וועגן די באַדערפענישן פון וועלטווילן. דאָס
מיידל, וואָס האָט חתונה דורך ליבע, נישט קוקנדיק אויף
אַלע אייגענע פערזענלעכע באַקוועמלעכקייטן, שטייט דאַ־

ריבער מאָראַלִיש העכער פון דער, וואָס האָט חתונה „פראַקטיש“. אָבער פאַר דעם מענטשלעכן פערזאָן אַליין איז חתונה דורך ליבע אַאומגליקלעכע חתונה, ווייל די ליבע אַליין פאַרשווינדעט באַלד נאָכדעם ווי דער וועלט־ווילן האָט שוין זיינס אויסגעפירט.

נאָך דער טעאָריע דאַרף יעדע אמתע ליבע זיין געגנזייטיק. ווען עס טרעפן זיך אויסנאַמען איז דאָס צוליב דעם, וואָס (איינער אָדער איינע) פון די צוויי געפינט אָדער פילט אומ־באַוואוסטזיניק, אַ אַנדער פערזאָן, פון וועמען זיינע (אָדער אירע) קינדער קאָנען זיין נאָך פאָלקאָמענער. דער קאַמף פאַר דער ליבע איז דאָס איבערקלייבן פון די צוקונפטיקע מעגלעכע קינדער.

נאָך דער טעאָריע דאַרפן די קינדער, וועלכע ווערן גע־בוירן פון ליבע־חתונות זיין פאָלקאָמענער פון די קינדער, וועלכע ווערן געבוירן פון פראַקטישע חתונות, וואָס שאָפּענהויער וויל טאַקע באַשטעטיקן און זאָגט אַפילו, אַז דאָס איז שוין געוועזן באַוואוסט אין די אַלטע צייטן. אין פראַקטישן לעבן אָבער האַלט דער כלל נישט איינגאַנצן אויס.

**די געטיכטלעך צוזוענדע אייגנ־שאַפטן** דאָס צוזוענדסטע אין דעם פערזאָן פון צווייטן געשלעכט דאַרף אויף אַזאַ אופן זיין נישט זיינע אמתע מהלות, נאָר דאָס, וואָס האָט אַ שייכות צו זיינע קינפטיקע קינדער, דאָס, וואָס קאָן זיך איבערגעבן בירושה. אַזוי למשל איז דער עלטער פון 35 – 30 יאָרן פון מאַנסביל פאַר דער פרוי אַממייסטן צוזוענד, ווי אויך דער עלטער פון דער פרוי פון 28 – 18 יאָר פאַר דעם מאַנסביל, ווייל אין די יאָרן זיינען זיי אַממייסטן פראָדוקטיוו. די ווייטערע באַ־דינגונגען זיינען די געזונטהייט, דער געבוי פון סקעלעט,

די פּראָפּאָרציאָנאַלע אַנטוויקלונג פון די מוסקולן און די שיינקייט פון געזיכט, וועלכע גיבן זיך איבער בירושה די קינדער. פון די פּסיכישע אייגנשאַפטן איז פאַר דער פרוי אַמוויכטיקסטן דער ענערגישער כאַראַקטער: די ווילנסקראַפט פון מאַנסביל, זיין אַנטשלאָסנהייט ווי אויך זיין אָפנהערציקייט, אמתדיקייט, ערלעכקייט. דאַגעגן זיי־

*די באַדייטונג פון כאַראַקטער און שכל אין געשלעכטלעכן אינזיכט*

נע אינטעלעקטועלע אייגנשאַפטן און אינטעלעקטועלע אַנטוויקלונג האָבן אַ קליינע באַדייטונג; דער גאון, פאַר־קערט, ווירקט נאָך אין געשלעכטלעכן אינזיכט אָפּשטויסנד אויף דער פרוי, צוליב זיין אומנאָרמאַליטעט. דאַגעגן אָבער שעצט דער מאַנסביל אין דער פרוי גאַנץ ווייניק איר מאָראַלישן צושטאַנד, איר ערלעכקייט און אויפריכטיקייט און לייגט פאַרקערט זייער פיל אַכט אויף איר בילדונג און שכל. דאָס איז אַלץ אַ פועל יוצא פון שאָפּענהויערס באַ־וואוסטן כלל, אַז זיין קערן, דעם ווילן, ירשנט דער מענטש פון פאָטער, דאַגעגן דער אינטעלעקט, אַלס אַ זאַך פון דער צווייטער מדרגה, גיט זיך אים איבער פון דער מוטער. ווען מיר זעען אָבער אין לעבן, אַז די פרוי לייגט פיל אַכט אויף די בילדונג פון מאַנסביל און דער מאַנסביל אויף דעם „כאַראַקטער“ פון דער פרוי, איז דאָס, נאָך שאָפּענהויערס דערקלערונג, צוליב דעם, וואָס די מייסטנס חתונות ווערן געמאַכט נישט דורך „ליבע“ – דאָס הייסט ברענענדיקער פאַרלאַנג צו געבוירן אַ נייעם מענטשן – נאָר דורך אַ פּראַקטישן אויסרעכענונג – וואו מען האָט זיך נאָר אַליין אין זינען און נישט די געפילן און דאַריבער בייטן זיך די אומשטענדן.

*די ראָל פון דער נייטראַליזאַציע אין דער ליבע*

אַ גרויסע באַדייטונג האָט אויך אין דער געשלעכטלעכער צוזאַמענגס־קראַפט די נייטראַליזאַציע פון די צוויי אינדי־

ווידוואומען: נאָך וועלכער סיי אין פיזישן סיי אין גייסטיקן אינזיכט, זוכט איינער אין אַנדערן נאָר דאָס, וואָס ער באַזיצט אַליין נישט, אַזוי צום ביישפיל: גרויסע געפעלט קליינע, בלאָנדינען — ברונעטן און פאַרקערט. די נייט־ראַליזאַציע האָט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די צוקונפטיקע דורות; ווען דער געזעץ זאָל נישט געווען רעגולירן וואָלט אויף דער וועלט זיין אָדער גאָר קליינע אָדער גאָר גרויסע, און די לעצטע וואָלטן שנעל אַרויסגעשטויסן די ערשטע. דאָס זעלבע אויך אין גייסטיקן אינזיכט.

אָבער אין אַלגעמיין קאָנען מיר דאָך נישט פאָרויסזאָגן קיין כללים, פאַרוואָס קאָן דוקא אָט פון די צוויי מענטשן געבוירן ווערן אַ פאָלקאָמענער מענטש? דאָס ווייסט נאָר דער געני פון מין, וועלכער שטרעבט פאַר יעדן פרייז צו פאַרלענגערן זיין עקזיסטענץ, דאָס איז אַ סוד פאַר אונז און דאָס ווייסן אויך נישט די פאַרליבטע, וועלכע פילן נישט מער ווי די „ברענענדיקע ליבע: די קראַפט, מיט וועלכער דער געני פון מין וואַרפט זיי איינס צו דאָס אַנדערע, די קראַפט, וועלכע איז דער ווילן צום לעבן

די ליבע איז אוממאָראַליש־פאַרברעכעריש

און איז דורכויס שלעכט און אוממאָראַליש. איינקוקנדיק זיך אויפמערקזאַם אין דער סומאַטאָכע פון מענטשלעכן לעבן, באַמערקן מיר ווי אַלע קרעכצן אונטער איר לאַסט, ווי יעדערער שטרענגט אָן די לעצטע כוחות צו פאַרגרינגערן זיינע אומענדלעכע ליידן, אַבי צו דערציען אויף אַ קורצע צייט זיינע שפלדיקע עקזיסטענץ און אינמיט דער סומאַטאָכע קאָנען מיר אויך באַמערקן אַ פאַרליבטע פאָרל, וועלכע באַגעגענען איינס דאָס אַנדערע מיט גנבהשע און ליידנשאַפטלעכע בליקן. אָבער צו וואָס איז די שעמעוודי־קייט און די סודותדיקייט פון דער באַגעגעניש? דערפאַר

ווייל זיי זיינען פאַררעטער, זיי האָבן בדעה צו פאַרלענגערן די ליידן פון לעבן, וועלכע וואָלטן אַנדערש שנעל גענומען אַ סוף..."

**די פרוי און איר ראָליע**

פון די ביידע געשלעכטער איז די פרוי אַממיינסטנס פאַראינטערעסירט מיטן געבוירן פון קינדער. זי איז דאָס געווער פון ווילן. זי איז מער סעקסואַל און דעריבער אין מאָראַלישן אינזיכט פיל נידעריקער ווי דער מאַנסביל, ביי וועלכן עס דערוועקט זיך פאָרט אַמאָל אַ עקל־געפיל צום געשלעכטלעכן לעבן בכלל און צו געבוירן קינדער בפרט. שאָפּענהויער געהערט צו די קלאַסישע פרויענפיינט. די פרוי נאָך אירע גייסטיקע אייגנשאַפטן שטעלט מיט זיך פאָר עטוואָס נעגאַטיוועס. אפילו נאָך איר אויסערלעכקייט איז די פרוי עסטעטיש נידעריקער פון מאַנסביל. דעם קליינוואוקסיקן, שמאָלפּלייציקן, ברייטטאַזיקן געשלעכט האָט געקאָנט אָנרופן שיין נאָר דער, פאַרשכרטער דורך דער געשלעכטלעכער תאוה, שכל פון מאַנסביל". די פרויען איז פרעמד דאָס געפיל פון חוב און אפילו איר מוטערליבע איז מער היהש, אינסטינקטיוו ווי די פאָטערלעכע ערנסטע צאַרטלעכקייט. זי איז נישט מער ווי אַ מיטל אָפּ צונאַרן דעם מאַנסביל, איינע פון די מיטלען מיט וועלכע דער וועלט ווילן נאַרט אונז אָפּ, כדי אויסצופירן זיינע צילן.

**אײביקע נאַרעריי און זעלבסט נאַרעריי**

ווי שלעכט דאַרף זיך פילן דער באַוואוסטזיניקער מענטש אין אַזאַ וועלט, וועלכע איז דורכויס געבויט אויף אַ פונדאַמענט פון נאַרעריי! ווי נידעריק איז די ראָל פון מענטשן, וועלכער ווערט כסדר פאַרפירט און אָפּגענאַרט אין זיין שטרעבונג צום לעבן, וואָס איז נישט מער, ווי דער פאַרלאַנג פון וועלט־ווילן צו דערהאַלטן זיין קיום!

אויף נאַרעריי און זעלבסט-נאַרעריי שטיצט זיך יעדע עקזיסטענץ, ווייל אַנדערש איז נישט צו דערקלערן וואָס די מענטשן און אַלע באַשעפענישן זיינען גרייט צו טראָגן די לאַסטן פון לעבן.

דער פאַרברעכערישער אַקט פון וועלט באַשאַפונג

דער ווילן פון דער וועלט איז דאָס דער שולדיקער פון די לעבנסליידן. דער ווילן איז דורכויס פאַרברעכעריש. און פאַרברעכעריש איז אויך געווען דער מעטאַפיזישער, פאַר אונז אומבאַגרייפבאַרער, אַקט פון איבערגאַנג פון דעם ווילן אין אַ אַקטיווע וועלט שעפערישע קראַפט. עס איז אַזוי ווי פאָרגעקומען אַ גרויסער פאַראַט און אַ פאַרשוועכונג פון אַ היילוגטום.

די וועלט האָט געקאָנט נישט זיין. די גאַנצע בלוטיקע אַרענע פון ליידן, גרויזאַמקייט, ווילדקייט און פאַרברעכן האָט געקאָנט נישט עקזיסטירן, ווען עס זאָל נישט געווען פאָרגעקומען דער אומבאַגרייפבאַרער אַקט פון דער הערשונג פון דער ווילדער קראַפט — וועלטווילן.

די באַדייטונג פון דער רעליגיע

דאָס איז, נאָך שאָפּענהויערן, דער מיף, וואָס געפינט זיך אין יעדער רעליגיע, דער מיף פון דעם גרויסן זינד, וואָס איז איין מאָל באַגאַנגען געוואָרן. די רעליגיע, וועלכע איז נאָך שאָפּענהויערן, די מעטאַפיזיק פאַרן פאָלק, האָט אומבאַוואוסטזיניק אַריינגענומען אין זיך דעם מיף פון דעם ערשטן זינד, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן און די נייטיקייט פון אויסלייזונג.

דער מקור פון דער רעליגיע און דער מעטאַפיזיק איז איינער. דאָס איז די גרויסע צאָל ליידן אויף דער וועלט און איבערהויפּט דער טויט אַלס דאָס גרעסטע רעטעניש. „דער מענטש איז אַ מעטאַפיזישע באַשעפעניש, דאָס איינ-

ציקע באַשעפעניש, וואָס וואונדערט זיך אויף זיין אייגענע עקזיסטענץ.״

די רעליגיע אַליין איז אַלזא אַ רעטונג און אַ פאַרגרינגערונג פון די וועלטליידן פאַרן פאָלק: „די סיסטעמען פון רעליגיע זיינען נויטיק פאַרן פאָלק און ברענגען אים פילמאָל אַ פאַרגרינגערונג, מען דאַרף דאַריבער יעדע רעליגיע אַכטן, אַפילו ווען זי טאָרמאָזירט דעם פראָגרעס. „אָבער פאָדערן, אַז אַ גרויסער גאון ווי געטע, שעקספיר זאָלן אָננעמען פאַר אַ זיכערן גלויבן די טעזיסן פון דער רעליגיע — דאָס איז אַלץ איינס ווי א ריז זאָל אָנטאָן די שיך פון אַ קאַרליק.״

די מדרגות פון רעליגיע

די רעליגיע — „וואו דער אמת איז נאָך פאַרוויקלט אין אין אַ אַלעגאָרישע קלייד״— איז אַלזאָ אַ סך אַנידעריקערע מדרגה פון דער מעטאַפיזיק, און צווישן די רעליגיעס דאַרפן מיר אויך אונטערשיידן פאַרשיידענע מדרגות, די נידעריקסטע זיינען דער איסלאַם און די יידישע רעליגיע צוליב זייער אָפּטימיזם און טעאיזם, אָבער אויך אין דער יידישע רעליגיע געפינען מיר שוין וואונקען, אַז דאָס לעבן איז שלעכט און פאַרברעכעריש. דאָס קריסטענטום שטייט אין דעם פרט אַ סך העכער, ווייל איר הויפט-מאָטיוו איז דאָס אַנטלויפן און דערווייטערן זיך פון דער וועלט. די העכסטע רעליגיע איז אָבער די בודדישע, וועלכע איז דורכאויס פעסימיסטיש און דערצו, איר הויפט מעלה, אינגאַנצן אָטעאיסטיש.

יעדע אמתע פילאָזאָפיע איז אויך אַטעאיסטיש. די אידייע פון גאָטהייט איז נישט אַ געבוירענע נאָר אַ דערציאונגס איינרעדעניש.

זיין רעטונג דאַרף דער העכערער מענטש זוכן נישט אין

אין דער אידייע פון גאָט, נאָר אין גאַנץ אַנדערע געביטן, צו וועלכע מיר וועלן יעצט איבערגיין.

---

VII

# די פילאָזאָפיע פון אויסלייזונג.

## 1 קונסט, מאָראַל.

דער גאון

דורך דעם בלוטיגן תהום פון לעבן, אין דעם גרויסן טומל פון „זיין“, אין דעם פאַרשיידנפאַרביקן וועכסל פון אינ־דיווידואומען און דערשיינונגען, גייט אַמאָל דורך א לייכטנ־דער מעטעאָר, וואָס באַלייכט די גאַנצע וועלט אַרענע, וועלכער וואָלט ווי וועלן אַריינדרינגען מיט זיין ליכט אין אַלע געהיימניספולע אָפּגערונטן פון דער נאַטור — דאָס איז דער גאון.

דאָס געבוירן פון גאון איז אַזעלטענע וועלט־דערשיינונג, כמעט אַוועלט געשעעניש. דער גאון קען זיין נאָר איינער אויף מיליאָנען. די נאַטור, דער וועלטווילן דאַרף זיי נישט, נאָכמער ער האָט מורא פאַר זיי, ווייל זיי קאָנען אַריינ־דרינגען אין זיין סוד, אין זיינע פאַרברעכערישע פּלענער און דאַריבער בעמיט זיך גאָר די נאַטור זיי ווי ווייט מעגלעך צו באַזייטיקן.

דער מהות פון גאונות

אין וואָס באַשטייט די פסיכאָלאָגישע אייגנשאַפט פון גאון? אינדעם — ענטפערט שאָפּענהויער — וואָס ער האָט אַ עודף פון אינטעלעקט. ביי אַלע אַנדערע מענטשן איז דער

אינטעלעקט — וועלכער, ווי מיר האָבן פריער געזען, איז באַשאַפן געוואָרן דורכן ווילן, כדי אים צו באַדינען און צו באַלייכטן פאַר אים זיין וועג — געגעבן געוואָרן נאָר אין אַזאַ פּאָרציע, אז ער זאָל קאָנען אויספירן זיין פונקציע, אַלס דינער ביים ווילן. ביי דעם גאון אָבער איז די אינ־טעלעקט־פּאָרציע אַ ביסל מער, ווי זיין ווילן האָט געדאַרפט האָבן און דער פועל יוצא פון דעם איז, אַז אַ טייל פון זיין באַוואוסטזיין בלייבט פריי פון ווילן אין קאָן אָנגע־ווענדעט ווערן אויף אַנדערע זאַכן. און נאָכמער, דער עודף פון אינטעלעקט, וועלכער האָט שוין איינמאָל פאַר־זוכט די באַפרייאונג שלעפּט מיט זיך מיט אויף דעם איי־גענעם ווילנס־לאָזן וועג דעם גאַנצן אינטעלעקט, וועלכער ווערט מאָמענטנווייז באַפרייט פון יאָך פון ווילן און ווערט אויף אַזאַ אופן מסוגל אויף די שעפערישע איינ־שאַפט פון גאון: אויפכאַפּן די אידייען.

די פּראַקטישע זייט פון דעם גאון

אין פּראַקטישן לעבן, אין גרויסן תהו ובהו פון דער וועלט אַרענע איז דער גאון אַ הילפלאָזעס, אומגליקלעכעס וועזן. דער גרויסער איבערפלוס פון אינטעלעקט איבערן פּראַק־טישן ווילן פּאַראַליזירט זיין ווילנסקראַפט, ענערגיע און אַנטשלאָסנהייט. זיין אינטעלעקט האָט ווי צוויי בעלי בתים אויף זיך, וועלכע ער דאַרף דינען: דעם ווילן און זיך אַליין און אַזוי ווי דער לעצטער איז אים נענטער, מיידט ער שטענדיק אויס דעם ערשטן, דאַריבער ווערט ער אַלץ מער אָפּגעווייטערט פון דער וועלט און אומפעאיק צום פּראַקטישן לעבן. „דער גאון דאָס איז אַ אינטעלעקט, וואָס האָט פאַראַטן זיין ערשטע באַשטימונג — דינען דעם ווילן. דאָס איז דער מקור פון די ליידן פון גאון. דער גאון איז פאַרמשפּט אויף איינזאַמקייט. די געזעלשאַפט האָט אים

די ליידן פון גאון

נישט ליב, זי פילט אין אים עפּעס אַ וואונדערבאַרע, אָפּשרעקנדיקע קראַפט. באַוואוסטזיניק צו אומבאַוואוסטזיניק פאַרגינען אים די מענטשן נישט זיין גרויסן אינטעלעקטועלן איבערפלוס. אין זיין אויפפירונג איז דער גאון אַמאָל ענלעך צו אַ משוגענעם. עס איז לייכט אים אָפּצונאַרן און מיסטיפיצירן, ווייל די פּראַקטישע זייט פון לעבן איז ביי אים נישט אַנטוויקלט. אויסער די פיזישע ליידן האָט אויך דער גאון גייסטיקע ליידן און שווערע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבענישן, ווי דאָס וואַקלעניש פון זיינע שטימונגען, די שטענדיקע נייגונג צו מעלאַנכאָליע און מיזאַנטראָפּיע. דערפאַר אָבער באַזיצט דער גאון אַזאַ מתּנה, וועלכע עס האָבן נישט די געוויינלעכע מענטשן און וועלכע איז פאַר אים אַ אייביקער מקור פון אינערלעכע פרייד: ער קאָן מאָמענטנווייז, ווען ער באַקומט די גאונות, אויפכאַפּן, באַגרייפן און פאַרקערפּערן די אידייען: ער קאָן פילן און מאָלן די שיינהייט.

*זיינע שווערע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבענישן*

*די שיינהייט און די אידייען*

וואָס איז שיין? שיין זיינען נישט די איינצלנע זאַכן, נאָר זייער אַלגעמיינע פאָרמע, דאָס, וואָס עס לייכט זיך דורך אין זיי אַלס זייער נשמה, דאָס, וואָס די איינצלנע זאַך האָט געדאַרפט געווען אויספירן און איז נישט אומשטאַנד געווען — דאָס, וואָס מיר האָבן פריער באַצייכנט מיטן נאָמען אידייע. ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, קאָן די אידייע נישט אויפגענומען ווערן מיט דער הילף פון געזעץ פון גענוגנדן גרונט, זי איז אַלזא פאַר די מענטשן אומבאַגרייפבאַר. דער אינטעלעקט אינטערעסירט זיך גאָרנישט מיט זיי, ווייל זיי זיינען פאַרן פּראַקטישן לעבן — פאַרן ווילן, וואָס וויל נאָר לעבן — גאַנץ אומנוציק. דאָס איז צוליב דעם, וואָס די אידייען זיינען ווי אַ אָפּשוואַכונג

פון דער רעאַליטעט, זיי זיינען נישט אַזוי רעאַל (נאָך אונזערע „פּראַקטישע“ באַגריפן), ווי די איינצלנע דערשיי-נונגען, זיי דערנענטערן זיך אַ ביסל צום „נישט זיין“; זיי זיינען נאָר די ערשטע רואיקע אָביעקטיוואַציע פון ווילן, וועלכער האָט זיך דורך דער פּאַרמיטלונג פון די אידייען צעגאָסן מיט אַ ווילדער קראַפט אין אַ ליידנשאַפטלעכע ברויזנדע וועלט. די אידייען אויפנעמונג — דאָס שיינהייטס געפיל — איז דאַריבער פאַר די מייסטן מענטשן אומבאַ-גרייפבאַר. ווען מענטשן זאָגן וועגן אַ זאַך, אַז עס איז שיין, קאָן מען אין טויזנט פאַלן פאַר איינעם זיכער זאָגן, אַז פריער האָבן זיי שוין באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַ-וואוסטזיניק אָפּגעשאַצט אויף וויפיל די זאַך קאָן זיין נוצ-לעך פאַר זיי און נאָר דאַן זיינען זיי געוואָרן „באַגייס-טערט“ פאַר דער זאַך און אַרויסגעטראָגן אַ אורטייל, אַז עס איז שיין. זייער עסטעטיק איז אייניג פאַרבונדן מיט דער פּראַקטישער זייט פון לעבן. דער אינטעלעקט פון די מייסטן מענטשן האָט נאָר די אויפגאַבע צו דינען דעם ווילן, צו דינען זייערע פּראַקטישע אינטערעסן. „די אָביעק-טיווע אָנשויאונג פון די מענטשן ווערט פאַרטונקלט דורך דעם ווילן, אַזוי ווי דער פייער פון אַ ליכט ווערט פאַר-טונקלט דורך דעם רויך און קאָפּאַטש“. דער באַוואוסטזיין פון די מייסטן מענטשן איז דאַריבער שטענדיק פאַראינ-טערעסירט.

דאָס פּאַראינטערעסירטע באַוואוסטזיין פון די מענטשן און דאָס אומפּאַראינטערעסירטע פון גאון

גאַנץ אַנדערש איז די זאַך ביי דעם גאון, וועלכער באַזיצט „אַ אומפּאַראינטערעסירטע באַוואוסטזיין“. פאַר אים איז מעגלעך דאָס דערקענען די אידייען, תופס צו זיין די שיינהייט. און באַכמער, זיין שאַפן קאָן דינען פאַר די העכערע מענטשן, וועלכע זיינען אַליין נישט קיין גאונים.

זיינען אָבער אומשטאַנד צו פאַרשטיין די שאַפונג פון גאון, און אַ ביסל אויפכאַפן די אידייען, וועלכע דער גאון האָט איינמאָל שוין אַרויסגעריסן ביי דעם וועלטווילן, פאַר אַ ציטווייליקע רעטונג פון די ליידן און קליינלעכקייטן פון טעגלעכן לעבן.

דער פראָצעס פון גאונישן שאַפן

וואָס קומט פאָר מיט דעם גאון אין די מאָמענטן פון זיין שאַפינג, אין די מאָמענטן פון זיין אַנערקענען די אידייען?

עס קומט פאָר אַ זעלבסטפאַרגעסן, אַ זעלבסטפאַרניכטונג, אַ אַרויסגאַנג פון די גרעניצן פון זיין אינדיווידואַליטעט. דער אינטעלעקט ווערט אינגאַנצן באַפרייט פון ווילן און צוזאַמען מיט דעם ווערט ער אויך באַפרייט פון דעם וויסן פון איינצלנע זאַכן און זעט נאָר פאַר זיך די פאָרמע, די פלאַטאָנישע אידייע. עס בייט זיך אינגאַנצן די פאַר־עלטניש פון סוביעקט צום אָביעקט. זיי גיסן זיך אויס איינס מיטן אַנדערן אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך צו זאָגן, וואו עס ענדיקט זיך איינס און וואו עס הייבט זיך אָן דאָס צווייטע. דער גאון ווערט דאַן פאַרוואַנדלט אין „אַ ריינעם סוביעקט פון וויסן", אין „אַ וועלט אויג", אין „אַ אייביקן וועלט גייסט". דער אַרט וויסן האָט גאָר נישט געמיינזאַ־מעס מיטן געוויינלעכן וויסן, וועלכער איז משועבד צום געזעץ פון גענוגלעכן גרונט. דער גאון ווערט ביי זיין שאַפן, ווי פאַרשכרט פון זיין אָביעקט, ווי קליינלעך און אומבאַדייטנד ער זאָל נישט זיין פאַר אַנדערע.

די שאַפונג פון גאון איז אינסטינקטיוו און אומבאַוואוסט־זיניק, זיין נבואהשע קראַפט דערוועקט זיך אין אים אומבאַ־מערקטערהייט פאַר אים אַליין.

די פילאָזאָפיע און די קונסט

דער רעזולטאַט פון די שאַפונג פון גאון ווערט איבערגע־

נעבן די מענטשן אין צווייערליי פאָרמען. אייבער דער גאון גיט איבער זיין אידייענאַנטפּלעקונג אין באַגריפן, ווערט געבוירן די פילאָזאָפיע, ווען ער גיט עס איבער אין זנ= שויאונגען, ווערט געבוירן די קונסט. אין אַ אַנדער אָרט זאָגט אַפילו שאָפּענהויער, אַז די איינציקע מעגלעכע אי= דייענאַנטפּלעקונג, די איינציקע שאַפונג פון גאון, איז נאָר די קונסט אַליין.

די באַדייטונג פון דער קונסט

שאָפּענהויער געערט צו די קלאַסישע פאַרגעטערער פון דער קונסט, וועלכער שטעלן זי אויפן שפּיץ פון אַלע מענטשלעכע וויסן און שטרעבן. דער קונסטלער — דאָס איז דער וועלט שעפער. די קונסט דאָס איז די העכסטע מדרגה, די פאַרפאָלקאָמענסטע אַנטוויקלונג פון לעבן, דאָס איז דאָסזעלבע וואָס די וועלט, נאָר קאָנצענטרירטער, פאַר= פיינערטער — זי איז די בלום פון לעבן. „אייבער די וועלט איז אַ אָביעקטיוואַציע פון ווילן, איז די קונסט אַ דערקלערונג צו דער אָביעקטיוואַציע, אַ פאָרשטעלונג אין אַ פאָרשטעלונג, „גאמלעטס“ סצענע אויף דער סצענע. די וועלט אַלס פאָרשטעלונג, וואָס איז קאָנצענטרירט אין קונסט איז ערהאַבן און שיין און איז דער פולער היפך צו דעם אַלטעגלעכן לעבן מיט זיינע קליינלעכקייטן און שרעקלעכע ליידן. דער ענטוזיאַזם פון קינסטלער איז אַ צייטווייליקע באַ= פרייאונג פון לעבנסיאָך. אָבער שוין אין די געציילטע מאָ= מענטן דערמאָנט די קינסט וועגן אַמעגלעכקייט איננאַנצן זיך צו באַפרייען פון לעבנסיאָך, דערמאָנט וועגן אַנדערע וועלטן, וועלכע זיינען אפילו פאַרן גאון נישט צוטרעטלעך, וועלכע געערן נאָר צום הייליקן אַסקעט.

גאון און טאַלאַנט

דאָס איינציקע געביט פון גאון איז די קונסט, די אידייענ= אַנטפּלעקונג, (און אַמאָל אייך די פילאָזאָפיע). אָבער פאַר

קיין פאַל נישט די עקסאַקטע וויסנשאַפטן, וועלכע אָפּע־
רירן מיט באַגריפן, זייער ערפאָלג איז אָפּאייננגיק פון
טאַלאַנט, באַגאַבטהייט אָבער נישט פון גאונות. באַגאַבט־
הייט און גאונות זיינען צוויי פאַרשידענע זאַכן. ניוטאָן,
ווי באַגאַבט ער זאָל נישט זיין, איז נישט קיין גאון,
ווייל מיט זיין גאַנצער חריפות איז ער דאָך נישט אומ־
שטאַנד משיג צו זיין די אידייען. ער קאָן זיך דאַריבער
נישט אַרויסרייסן פון לעבנסשטראָם, זיין גאַנצע אַרבעט
איז פאַרבונדן מיט דעם לעבן אַליין. ער קאָן דאַריבער
נישט באַזיצן קיין אָביעקטיוויטעט, וועלכע איז ביי
שאָפּענהויערן כּמעט אַ סינאָנים פון גאונות. יעדע שאַפונג
פון טאַלאַנט, פון באַגאַבטהייט האָט שטענדיק פאַר זיך

קינסט און וויסנ־שאפט אין זייער פארצלטניש צום לעבן

אַ ציל די פאַרבעסערונג פון וועלכער עס איז זייט פון
לעבן. דער באַגאַבטער מענטש נוצט אויס זיין גוט אַנטוויקלטן
אינטעלעקט אויף זיין נאַטירלעכע באַשטימונג — דינען דעם
ווילן. דער גאון, פאַרקערט, ווענדעט אים אָן אויף אַ
פרעמדע אומנאַטירלעכע זאַך. די אומנוצלעכקייט דאָס איז
דער פריוועליגירטער און כאַראַקטעריסטישער שטריך פון
גאונישן שאַפן. ווי מיר זעען שטענדיק אין דער נאַטור
איז דאָס נוצלעכע נישט דאָס שיינע. די שאַפונג פון טאַלאַנט
קאָן מען פאַרגלייכן מיט פרוכטן, פון גאון — מיט בלומען. די
שיינעביימער ברענגען אָפּט נישט קיין פרוכט, די פרוכט־
ביימער זיינען מייסטנס מיאוס און קליין. די נוצלעכקייט
ליגט אין די איינצלנע זאַכן, דאַגעגן די שיינהייט ליגט
נישט אין די איינצלנע זאָכן, נאָר אין זייערע אַלגעמיינע
פאָרמע, אין זייערע אידייען.

די קלאַסיפיקאַציע פון קונסט

די קלאַסיפיקאַציע פון דער שיינער קונסט דאַרף אַלזא
אַנטשפּרעכן דער קלאַסיפיקאַציע פון די וועלטשעפערישע

אידייען.

**די אַרכיטעקטור**

אין דער אַרכיטעקטור שפּיגלען זיך אָפּ די אידייען פון דעם שטאָף: שווערקראַפט, צוציאונגס קראַפט צווישן די אַטאָמען, אומבאַוועגלעכקייט, ליכטרעאַקציע. דאָס זיינען די ערשטע אידייען, דער רעזולטאַט פון ערשטן קאַמף פון דעם אינטעלעקט מיט זיין אַלמעכטיקן טיראַן, דעם ווילן.

**די סקולפּטור און מאַלעריי**

אין אַ העכערע מדרגה געפינען זיך די סקולפּטור און מאַ־לעריי, ווייל זיי האָבן שוין צו טאָן מיט די אידייען פון מין. דער הויפּט מאָטיוו פון דער סקולפּטור און מאַלעריי איז דער כאַראַקטער און דער אויסדרוק. וואָס מער כאַ־ראַקטעריסטיש, אלץ שענער איז דאָס בילד, ווייל עס שפּיגלט אַלץ מער אָפּ די אידייע פון מין. די מער כאַ־ראַקטעריסטישע חיות ווי צום ביישפּיל, דער לייב, דער וואָלף, דאָס פערד, זיינען אויך די שענסטע. אין דער מאַ־לעריי פון דער מענטשלעכער שיינהייט געפינען מיר נאָך אַ העכערע אידייע שוין נישט פון מין, נאָר פון אינדיווי־דואום, וועלכער איז נאָך שאָפּענהויערן אַליין אַ וועלט־אידייע. „די מענטשלעכע שיינהייט דאָס איז אַ אָביעקטי־ווער אויסדרוק, וועלכער ווייזט אויף די פאָלקאָמענסטע אָביעקטיוואַציע פון ווילן, אויף דער העכסטער מדרגה פון וויסן, אויסגעדריקט אין אַ אָנשויאונגס פאָרמע.

**די פּאָעזיע**

נאָך מער שפּיגלט אָפּ די אידייע פון אינדיווידואום די פּאָעזיע, וועלכע שילדערט די איבערלעבונגען פון מענטשן אין זיינע פאַרשידענע סטאַדיעס. דער דיכטער איז דער שפּיגל פון מענטשלעכן געשלעכט. ער איז אפילו נישט פאַרבונדן מיט דעם לעבן פון זיין געגנוואַרטיקן דור; מיט דער הילף פון זיין פאַנטאַזיע קאָן ער זיך איבערטראָגן

אין אַנדערע צייטן, דורות, לעבנס, כּדי זיי צו שילדערן. די פאַנטאַזיע איז נאָך שאָפעגהויערן איינע פון די ערשטע באַדינגונגען פון גאונות. אפילו די ווירקונג פון פּאָעזיע איז, נאָך שאָפענהויערן, מיט דער הילף פון ווערטער צו ברייננגען אין באַוועגונג די פאַנטאַזיע. נאָך דער מדרגה פון ווילנסאָביעקטיוואַציע, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין אינדיווידועלע כאַראַקטערן ווערט אויך די פּאָעזיע קלאַסיפיצירט אין אַ ליד, ראָמאַנס, אידיליע, ראָמאַן, פּאָעמע, דראַמע. אין דער דראַמע און איבערהויפּט אין דער טראַגעדיע, אַלס איר העכסטע מדרגה, זעען מיר דעם מענטשן קעמפן מיט די אַרומיקע בייזע כּוחות, וועלכע ווילן אים איינשלינגען. אין דער טראַגעדיע ווערן אָביעקטיוו געשילדערט די שרעקלעכע ליידן פון דער וועלט, די גרויסע אומגליקן פון דער מענטשהייט, דער טריאומף פון שלעכטס און דער אונטערגאַנג פון די אומשולדיקע. דאָס איז דער קאַמף פון ווילן מיט זיך אַליין: פאַרשידענע דערשיינונגען פון איין און דעמזעלבן ווילן קעמפן צווישן זיך. אין דעם טראַגישן העלד דערגרייכט דער קאַמף זיין קולמינאַציאָנספּונקט, נאָך וועלכן דער העלד שטאַרבט, אָבער שטאַרבט שוין אַ אויסגעלייטערטער, אַ אויסגעציכטערטער, ער הייבט אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָס, נאָך וואָס ער האָט זיך אַזוי ליידנשאַפטלעך נאָכגעיאָגט איז נישט מער ווי א שאָטן נאָר די אידייע איז דער ווערט און צוועק פון דער טראַגעדיע און נישט די מאָראַלישע לערע, ווי אַנדערע קונסטקריטיקער זאָגן. עס קאָן גאָר קיין ריידע נישט זיין, אַז די קונסט, וועלכע איז דער שפּיץ פון מענטשלעכן וויסן, זאָל דאַרפן דינען וועלכע עס איז צוועקן אויסער זיך אַליין. די מאָראַל, ווי מיר וועלן ווייטער זען, געפינט

די טראַגעדיע און איר אויסלייזונגס־קראַפט

זיך אין אַ נידעריקערן צושטאַנד ווי די קונסט. און די, וועלכע הייסן דער קונסט דינען דער מאָראַל, פאַר־משפטן די העכערע זאַך צו דינען דער נידעריקערער. די פּאָעזיע, די קונסט פון ווערטער, ווייסט נישט פון קיין אנ־דערע צוועקן, ווי נאָר דאָס אַריינדרינגען אין די וועלט־אידייען פון די מענטשלעכע איבערלעבונגען.

די מוזיק און איר מעטאַפיזישער ראָל

די העכסטע קונסט איז די מוזיק. אין דער צייט, ווען די אַרכיטעקטור, מאַלעריי, סקולפּטור, פּאָעזיע אָביעקטיווירן די אידייען פון ווילן — אָביעקטיווירט די מוזיק דעם ווילן אַליין. אין די טענער פון מוזיק הערן מיר דעם קרעכצנדן, וויינענדיקן וועלטווילן אין זיין אייביקן קאַמף מיט זיך אַליין. די מוזיק גיט איבער דאָס האַרץ פון דער וועלט: אירע קולות וואָלטן אַזוי ווי וועלן אונז דערציילן דעם אינהאַלט פון דער וועלט. די מוזיק איז דאַריבער די קווינטעססענציע פון יעדער פילאָזאָפיע. אפילו אין קאָמישע אָפּערעס בלייבן די קולות פון דער מוזיק שיין, ערהאַבן און ערנסט, ריכטיק, אַזוי ווי אונזער עקזיסטירן, נישט קוקנדיק אויף די קליינלעכקייטן און באַנאַליטעט פון לעבן, בלייבט דאָך אַ טיפע רעטעניש. יעדע מוזיק דערציילט וועגן אַ וועלט דראַמע, וועגן אַ ליידנשאַפט און אַ דערוואַכונג פון ווילן. „בעטאָווענס סימפאָניע דריקט אויס אַ שרעקלעכע פאַרניכטונג, פון וועלכער עס קומט דאָך אַרויס אַ פאָלקאָמער אָרדנונג, אַ ליידנשאַפטלעכער קאַמף, וועלכער ענדיקט זיך מיט אַ וואונדערבאַרער אויסגלייכונג. זי איז דאַריבער אַ ריכטיקע און פאָלקאָמענע פאָטאָגראַפיע פון דעם מהות פון דער וועלט. אין דער סימפאָניע געפי־נען מיר אַלע מענטשלעכע ליידנשאַפטן און עפעקטן, אַלע באַוועגונגען פון מענטשלעכן האַרץ. טרויער, פרייד, ליבע,

האַס, שרעק, האָפענונג, נאָר מיט דעם כאַראַקטעריסטישן
אונטערשייד, וואָס די מוזיק וועקט נישט אויף די ווילנס־
עפעקטן אַליין, די ליידן אַליין אין זייער טעגלעכער
געשטאַלט, נאָר זייער אַבסטראַקטע פאָרמע.
אפילו דער פראָגרעס פון דער מוזיק איז דערזעלבער, ווי
די אָביעקטיוואַציע פון די וועלט אידייען. די מעלאָדיע
גיט איבער דאָס מענטשלעכע ווילן; די שטימען פון דער
גארמאָניע בילדן די פאַרשידענע מלוכות פון דער נאַטור.
אפילו די אינטערוואַלן קאָן מען פאַרגלייכן מיט די
מינים פון די מלוכות, און דעם איבערגאַנג פון גאַרמאָניע
צו מעלאָדיע — מיט דעם איבערגאַנג פון דער נישט־אָר־
גאַנישער נאַטור צום מענטשן. די גאַנצע וועלט איז דע־

**די אויסלייזונג־קראַפט פון דער מוזיק**

ריבער ווי אַ פערקערפערטע מוזיק. פון דער אויסליי־
זונגס קראַפט פון דער קונסט באַזיצט די מוזיק די העכסטע
מדרגה. זי דערנענטערט דעם קינסטלער און די צוהערער
צו דעם מהות פון דער וועלט, צו דעם וועלט ווילן, ווייזט
באַשיינפערלעך דעם גרויסן אומענדלעכן קאַמף פון דעם
ווילן און דערוועקט אין דער נשמה אַ לוסט צו אַנדערע
וועלטן, צו אַנדערע לעבנס אָן אינעווייניקסטע מאָראַלישע
סתירות, אָן אייביקע ליידן און אומרעכטן.

**די עטיק**

אויסער דער קונסט עקזיסטירט נאָך אַ מין אויסלייזונג
פון ווילנסיאָך. דאָס איז די מאָראַלישע הנהגה, וועלכע
איז דער פועל יוצא פון דער פולער דערקענונג פון דעם
מענטשנס פליכטן צו זיך, צו דער וועלט און צו אַנדערע.
די מאָראַל איז אַ טייל פון דער פילאָזאָפיע, אָבער נאָר
אַ קליינער טייל און נישט ווי אַנדערע מיינען, אַז די
פילאָזאָפיע האָט פאַר זיך אַ ציל צו לערנען מאָראַל.
„פריידיקן מאָראַל איז גוט פאַר קינדער אָדער פאַ־

פעלקער, וואָס געפינען זיך אין אַ קינדישן צושטאַנד, אָבער נישט פאַר דעם, וואָס האָט דערוואָרבן די קולטור פון אַ צייטיקער עפּאָכע". די פילאָזאָפיע קאָן נאָר אַוועקשטעלן דאָס פּראָבלעם פון דער עטיק און איר שייכות צו איר גאַנצע לערע, צו איר וועלטאַנשויאונג.

דאָס פּראָבלעם פון פרייהייט פון ווילן

די עטיק איז שטענדיק געווען איינג פאַרבונדן מיט דער פראַגע וועגן פרייהייט פון ווילן. און אויך ביי שאָפּענהויערן איז די פרייהייט פון ווילן די ערשטע באַדינגונג פון מאָראַל. עס קאָן נאָר דאַן זיין אַרייד וועגן אַמאָראַלישע און אַ אוממאָראַלישע הנהגה, ווען דער מענטש טראָגט אייך זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע מעשים און דאָס איז נאָר דאַמאָלסט מעגלעך, ווען זיינע מעשים זיינען אַרעזולטאַט פון אַ פרייען אויסוואַל. אָבער ווי מיר ווייסן שוין הערשט אין דער וועלט פון דערשיינונגען דער קאַאוזאַליטעטס געזעץ, צו וועלכן עס איז אויך משובד דער מענטש. די מעשים פון מענטשן מוזן זיין אַזוי קאָאָרדינירט און נויטווענדיק, אַזוי ווי אַ קויל, וואָס לויפט פון אַ אויסערלעכן שטויס. אייבער אונז דאַכט זיך, אַז מיר זיינען פריי אין אונזער מעשים, איז דאָס נאָר צוליב דעם, וואָס די מאָטיוון, וועלכע רופן אַרויס די מעשים, קאָנען זיין זייער פאַרשיידענע און געפינען זיך אין אַ קאַמף איינס מיטן אַנדערן. יעדר טאַט ווערט אַרויסגערופן נישט דורך איין מאָטיוו, נאָר דורך אַ קאָאָרדינאַציע פון עטלעכע מאָטיוון, וועלכע קאָנען טאָרמאָזירן איינס דאָס אַנדערע. די מאָטיוון קאָנען זיך בייטן צוליב דערפאַרונג און אויסבילדונג און דאַריבער דאַכט זיך אָפט, אַז דער כאַראַקטער בייט זיך. אָבער אין אמתן בייט זיך דער מענטש קיינמאָל נישט: „אַזוי ווי ער באַגייט זיך אין איין פאַל, אַזוי וועט

ער זיך באַגיין אין צווייטן ביי די זעלבע אומשטענדן און אַזוי וועט ער שטענדיק טאָן״. צוויי כוחות רעגירן מיט די מעשים פון מענטשן, אַזוי ווי אַפּלאַנעט באַוועגט זיך זיך אונטער די ביידע קרעפטן פון צענטערצוציענדע און צענטעראָפּשטויסענדע כוחות, דאָס זיינען דער כאַראַקטער און די מאָטיוון. דעם גאַנצן מענטשן, דאָס הייסט זיין כאַראַקטער, קאָן מען אַמאָל דערקענען דורך איין שריט זיינעם, ווען מיר ווייסן נאָר די מאָטיוון, וועלכע האָבן דעם שריט אַרויסגערופן.

די פרייהייט ביים עמפּירישן און אינטעליגיבעל־נעם כאַראַקטער.

נאָר אייבער די מעשים פון מענטשן זיינען שוין פון פריער דעפינירט דורך זיין עמפּירישן כאַראַקטער און עס קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין וועגן אַ מענטשלעכע חפשית הבכירות — איז אָבער דער גאַנצער עמפּירישער כאַראַקטער, די גאַנצע סומע פון דעם מענטשנס מעשים, דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן אין כולל, אַרעזולטאַט פון אַ פרייען אויסוואַל. דער אינטעליגיבעלער כאַראַקטער, וועלכן מיר האָבן שוין פריער דערקענט, אַלס דער מע־טאַפיזישער קערן פון אינדיווידואום איז אַ פרייער ווילנס־אַקט. נאָך זיינע מעשים איז דער מענטש אַדערשיי־נונג ווי אַלע עמפּירישע דערשיינונגען, נאָך זיין עקזיס־טירן אָבער איז דער מענטש אַ „דינג אַן זיך״, אַ אידייע, אַבעזונדערע ווילנסאָביעקטיוואַציע און איז דאַריבער פריי אין זיין עקזיסטירן. די פרייהייט ליגט נישט אין דעם אויסוואַל פון מעשים נאָר אין דעם אויסוואַל פון כאַראַקטער. „די מאָראַלישע פרייהייט ליגט נישט אין דער נאַטור נאָר אויסער איר. די „פרייהייט״ איז אַמעטאַפיזישע זאַך, וואָס איז אינגאַנצן אוממעגלעך אין דער פיזישער וועלט. אונזערע מעשים זיינען נישט פרייע נאָר דער

גאַנצער כאַראַקטער איז פאַר זיך אַ פרייער אַקט. דער אינדיווידואום האָט איינמאָל געוואָלט זיין דאָס, וואָס ער איז — ער האָט געוואָלט האָבן זיין כאַראַקטער. דאָס איז זיין ערשטער גרונטווילן, אונאָפּאיינגיק פון אַלערליי ווילן, פאַרשטיין און אָפּשאַצן. פון וויסן באַקומט ער נאָר די מאָטיוון, אויף וועלכע ער מוז רעאַגירן דורך אַ געוויסן שטייגער. דער כאַראַקטער אַליין געפינט זיך אויסער דער צייט, ער איז אומפאַרענדערט. אַלס עמפּירישע דערשיינונג איז דער ווילן דעטערמינירט, אָבער אַלס „דינג אַן זיך" איז דער ווילן פריי. אַלערליי געוויסנביסע אויף פרי־ערדיקע מעשים זיינען נישט קיין חרטה אויף איינצעלנע עובדות, וועלכע האָבן ביי דעמזעלבן אינדיווידואום אַנ־דערש נישט געקאָנט זיין, נאָר אַ חרטה אויף דעם מעטאַ־פיזישן פרייען אויסוואַל פון כאַראַקטער. דער אינדיווידו־אום איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין כאַראַקטער און ממילא אויך פאַר די מעשים, וועלכע ער רופט אַ־ויס.

די בודיסטישע „קאַרמאַ" די לערע פון ווילנספרייהייט האָט שאָפּענהויער גענומען ביי קאַנטן און האָט איר צוגעגעבן אַמיסטישן כאַראַקטער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער בודיסטישער לערע וועגן „קאַרמאַ", נאָך וועלכער יעדעס לעבן איז אַכּועל יוצא פון פריערדיקן און איז ווי אַ אויסוואַל פון אינדיווידואום. אַלע שוועריקייטן פון דער „לערע פון פרייהייט, וועלכע שווימען אַרויס שוין נאָר ביי דער עלעמענטאַרער באַ־טראַכטונג פון דער לעזונג פון „פרייהייטס פּראָבלעם" האָבן נישט געקאָנט אָפּהאַלטן שאָפּענהויערן.

„די פרייהייט איז אַ גרויסער סוד", זאָגט שאָפּענהויער יעדעס מאָל ווען ער רעדט מיט באַגייסטערונג פון קאַנטס גרויסער אַנטדעקונג וועגן דעם אונטערשיד פון דעם אינ־

טעליגיבעלנעס און עמפּירישן כאַראַקטער — אין ערשטן הערשט פרייהייט אין צווייטן דעטערמיניזם. עס דאַרף אונז דורכאויס נישט אַרן די סתּירה פון דער לערע מיט שאָ־פּענהויערס כּלל. אַז דעם כאַראַקטער ירשנט דער מענטש פון פאָטער; עס איז געגוג נאָר צו נעמען אין אַכט שאָ־פּענהויערס מעטאַפיזיק פון דער ליבע, דאָס סודותפולע צוקלייבן פון די ביידע עלטערן, כּדי צו באַשאַפן דעם געפאָדערטן אינדיווידואום. אויך דאָ האָט אַוויכטיקע באַ־דייטונג שאָפּענהויערס אַטעאיזם: אייבער מיר האָט באַ־שאַפן אַ גאָט, אַ באַשעפער, דאַן בין איך דאָך שוין נישט דער פרייער אָנהויבער פון מיין „זיין" און עס קען שוין נישט זיין קיין רייד וועגן אַפאראַנטוואָרטלעכקייט און אַמאָראַלישע הנהגה.



די מאָראַל האָט נישט דעם ערהאַבענעם כאַראַקטער פון קונסט און איר גרויסע אויסלייזונגסקראַפט. דער מאָראַלי־שער מענטש, ווי באַוואוסטזיניק פילאָזאָפיש ער זאָל נישט פילן זיינע פליכטן, קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיטן גאון, וועלכער דרינגט אַריין אין די סודות פון דער וועלט. דערפאַר איז אָבער די מאָראַל מער צוטרעטלעך פאַר די מערהייט מענטשן אין דער צייט ווען די גאונות איז אַ מאָ־נאָפּאָל פון איינצעלנע.



די מאָראַלישע הנהגה איז אַ רעזולטאַט פון באַוואוסטזיני־קייט. דאָס איז דאָס אַנערקענען פון דער אַלעראייניקייט: די גאַנצע וועלט מיט אירע אַלע ברואים זיינען איין און דיזעלבע זאַך, איין און דער זעלבער אָדער שלאָגט אין יעדער לעבעדיקער בריאה, דאָס איז דער זעלבער וועלטווילן, וועלכער אָביעקטיווירט זיך אין יעדער זאַך. יעדע באַ־שעפעניש טראָגט אויף זיך אַ טייל פון די אומענדלעכע

וועלטליידן. דער רעזולטאַט פון דעם באַוואוסטזיין איז אַלגעמיינע ליבעגעפיל און ליבעמעשים פון דעם מאָראַלישן מענטשן.

די מדרגות פון מאָראַליטעט

אויף דער נידעריקסטער מאָראַלישער מדרגה שטייט דער גראָבער עגאָאיסט. דער עגאָאיזם איז ווי אַבאַשטעטיגונג און אַבייפּאַל דעם ווילן צום לעבן. דער עגאָאיסט פילט נאָר זיך אַליין, זיין אייגענעם ווילן. ער איז ווייט פון פאַרשטיין, אז דער זעלבער ווילן איז דער מהות אויך פון אַנדערע ליידענדע מענטשן. די ערגסטע שטופע פון עגאָאיזם איז שלעכטסקייט: דאָס באַוואוסטזיניקע פאַרשאַפן שלעכטס אַנדערע, אָדער פרייען זיך אין זייערע ליידן. שלעכטסקייט עקזיסטירט אין פאַרשיידענע מאָסן ביי אַלע מענטשן און אַפילו צייטנווייז ביי די שענסטע נשמות. צוליב דער נאַטירלעכער שלעכטסקייט פון מענטשן איז נויטיק געוועזן די מלוכהשע אָרגאַניזאַציע. די מענטשן רעדן זיך צונויף צו געפינען מיטלען פון פאַרהיטן יעדן מענטשן פון צווייטנס שלעכטס. דער מענטש, וואָס האָט אָבער שוין איינמאָל באַוואוסטזיניק צי אומבאַוואוסטזיניק פאַרשטאַנען די אַלעראיינהייט פון אַלע ברואים, ביי דעם דערוועקט זיך דאָס מאָראַלישע געפיל אין געשטאַלט פון ליבע.

דאָס רחמנות געפיל אלס מאָראַלישע באַוואוסטזיין.

שאָפּענהויערס ליבע איז אָבער זייער באַגרעניצט אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין פעסימיסטישער לערע, אַז נאָר דאָס ליידן איז עטוואָס פּאָזיטיווס, דאַגעגן די פריידן זיינען אַנעגאַטיווע דערשיינונג און האָבן נאָר אַבאַדייטונג פון אַ צייטווייליקע באַפרייאונג פון ליידן. דאָס ליבעגעפיל קאָן דאַריבער נישט זיין אַקטיוו. איר נאַטירלעכע פאָרמע

איז אַנאַסיווע. די ליבע גייט איבער אין אַרחמנות געפיל צו אַלע ליידנדע.

אונזער חוב צו אַנדערע לעבע־דיקע ברואים

דאָס געפיל פון רחמנות דאַרף זיך גלייכצייטיק באַציען סיי אויף מענטשן סיי אויף חיות. דער וועלטווילן און זיינע ליידן און אומרעכטן זיינען אומעדום דיזעלבע. אין דער גאַנצער אייראָפּעאישער עטיק זיינען שטענדיק די איבעריקע ברואים געווען אָפּגעטיילט פון מענטשן אין דעם פרט פון דעם מענטשנס התחייבות צו זיי. שאָפּענ־הויער מאָראַל פון רחמנות האָט די ערשטע פאַרשפּרייט די מאָראַלישע התחייבותן און געפילן אויך אויף די איבע־ריקע לעבעדיקע ברואים. נישט קוקנדיק, וואָס מעטאַפיזיש עקזיסטירט צווישן מענטשן און חיות דער אונטערשיד, וואָס די מענטשן זיינען אינדיווידואומען און די חיות נישט — קאָן דאָך נישט זיין קיין אונטערשיד צווישן זיי אין דעם אינזיכט פון מאָראַלישן געפיל און התחייבותן.

שאָפּענהויער ווייזט אָן, אַז די מאָראַלישע התחייבות פון מענטשן צו אַנדערע לעבעדיקע ברואים האָט שטענדיק עקזיס־טירט אין געשטאַלט פון אַהיותקולט און אינדיען. דער היפך איז געווען די יידישע רעליגיע, נאָך וועלכער גאָט האָט איבערגעבן די גאַנצע וועלט אין מענטשנס רשות. אין אינ־דיען איז די מאָראַלישע התחייבות פון מענטשן צו חיות געווען אַ גוטע איינפירונג צום אַסקעטיזם, פון וועלכן עס איז שוין לייכט געווען צו באַגרייפן די לערע פון פאַר־ניכטונג פון ווילן — דער שפּיץ און תמצות פון דער גאַנ־צער שאָפּענהויערישער פילאָזאָפיע. דאָס איז די ענדלעכע אויסלייזונג, געגן וועלכע די מאָראַל און אַפילו די קונסט זיינען נאָר קליינע צוגרייטונגסשטופן. עס עקזיסטירט

אָדער קאָן עקזעסטירן אַזאַ מענטש, וועלכער איז נאָך פיל שענער און גרעסער, ווי דער וואָס פילט נאָר אַאונענדלע־כע ליבע צו אַלעמען און אַפילו ווי דער גאון. דאָס איז דער העכסטער מענטש, וואָס האָט שוין באַזיגט די וועלט און פאַרניכטעט דעם ווילן, דאָס איז דער אַסקעט, דער הייליקער.

---

VIII

# די פילאָזאָפיע פון אויסלייזונג

## II פאַרניכטונג פון ווילן.

די צוויי עקסטע לעבנסאַנשויאונגען

צוויי עקסט פאַרשיידענע, געגנערישע כוחות קאָאָרדינירן דעם לעבנס אימפולס סיי פון אינדיווידואום סיי פון דער געזעלשאפט. פון איין זייט די באַשטימונג פון לעבן, אַלס העכסטן אידעאַל, דאָס עקסטאַזישע אויפנעמען פון לעבן, דער דורשט צום לעבן און צו אירע תענוגים, דער חשק זיך צו וואַרפן אין רוישיגן לעבנסשטראָם און אַוועצו־שווימען מיט אים, אונבאַאַכטעט וואוהין ער וועט פאַר־טראָגן, פון דער אַנדערער זייט – דאָס אָפּזאָגן זיך פון לעבן, דאָס בטולדיקע אַוועקמאַכן מיטן האַנט די מתנות פון לעבן, דאָס אַנטלויפן פון לעבן מיט דעם באַוואוסטזיין פון דער ענדלעך דערגרייכטער באפרייאונג פון נאַרישן און קוועלנדן לעבנס יאָך.

דאָ איז נישט דער אָרט נאָכצוקוקן ווי די צוויי דיאַמע־

טראַלע געגנערישע פּאָליוסן בילדן די אַקס, אַרום
וועלכער עס באַוועגט זיך די גאַנצע געשיכטע, ווי פּאַר=
שיידענע עפּאָכן דערנענטערן זיך דאָ צו דעם, דאָ צו יענעם
פּאָליוס. מען קאָן נאָר פעסטשטעלן, אַז ביי די מער באַ=
גאַבטע נאַטורן קומט אָפט פאָר אין לעבן אַזאַ איבער=
גאַנגס=קריזיס פון איין עקסטע אָנשואונג צו דער צווייטער.
דער איבערגאַנג איז נאָך דאַריבער מעגלעכער, וואָס ער
ווערט געמאַכט דורך די אינעווייניקסטע אינטימע ליניע פון
לעבן נישט דורכגייענדיק איר אויבערפלעכע. דער ברענע=
דיקער טעמפּעראמענט אין זיין אונענדלעכע לוסט צום
לעבן, אין זיין דורשט צום קאַמף און העלדישקייט קומט
אַמאָל דורך אַאוסנווייניקסטן שטויס, אָדער דורך אַאינע=
ווייניקסטע ליכטיקייט צו אַ געדאַנק: אַנטלויפן פון לעבן.
אַלע מתּנות פון לעבן ווערן נישטיג, פאַרלירן זייער כישוף
און די נשמה ווערט דערפילט פון אייגענע אונערשטערטע
רו און מנוחהדיקע אַנשואונג. דאָס איז די פאַרניכטונג פון
דעם ווילן צום לעבן.

דאָס גאונישע שאַפן, אַלס ערשטע שטופע פון ווילנספאַר=ניכטונג

מיט די ערשטע מדרגות פון ווילנספאַרניכטונג האָבן מיר
זיך באַקאַנט אין פאָריגן קאַפּיטל. דער גאון, ביי וועלכן
דער אינטעלעקט פאַראַליזירט די ווילנסקראַפט און פראַק=
טישע ענערגיע, מוז זיין נאָך פון פריער אַליידנ=
שאַפטלעכע, פלאַמענדיקע נאַטור און נאָר ביי אַזאַ
נאַטור איז מעגלעך דאַס צייטווייליקע אָפּזאָגן זיך פון
דער וועלט, כדי אויפצוכאַפן אירע אידייען. אַפּלעגמאַטי=
שער גאון איז אוממעגלעך, ווייל ביי אַ זעלכן האָט דער
אינטעלעקט נישט וואָס צו באַקעמפן און צו פאַראַלי=
זירן, כדי זיך צו באַפרייען. די באַפרייאונג פון גאון איז
אָבער נאָר טיילווייז און צייטווייליק, נאָך זיין אידייען=

זְנשואונג, נאָך זיין נבואישן השתפחות־הנפש קערט זיך זיך דער גאון צוריק אום צו זיין ווילן, צו דער וועלט און אַלע אירע קליינלעכקייטן. נישט ביי זיין שאַפונג איז דער גאון אַזוי קליינלעך (און אָפטמאָל נאָך קליינלע־כער), ווי אלע איבעריקע מענטשן. דער גאון איז נאָך מיט טויזענדער פעדעם צוגעבונדן צו דער ערד. די קונסט, די שאַפונג פון גאון, איז נאָר אַ אָנווייזונג אויף די עקזי־סטענץ פון אַ ווילענסלאָזער וועלט. מען מוז נאָך דאַביי באַמערקן, אַז די אידייען, די ספערע פון גאון איז אַרע־זולטאַט פון ווילנסאָביעקטיוואַציע. דער ווילן, כאָטשע ער איז אין די אידייען נישט אַזוי ברויזנדווילד, איז נישט דער קליינלעכער לוסט צום לעבן, בלייבט דאָך דער לעבעדיקער נערוו פון די אידייען. די גאונות איז דאַריבער נאָר אַ פּאַרעלטניכמעסיגע אָבער נישט קיין פולע באַפריי־אונג. די פולע באַפרייאונג פון דער „וועלט־פאָרשטעלונג“ איז נאָר די פולע פאַרניכטונג פון דער „וועלט־ווילן“. דאָס דאַרף זיין דאָס באַוואוסטזיניקע פאַרניכטן אין זיך די לוסט צום לעבן, דאָס גאַנצע אַרויטרייסן פון זיך דעם וואָרצל, וואָס שמידט צו דעם מענטשן צו דער וועלט.

די פולע פאַר־ניכטונג פון ווילן

זעלבסטמאָרד קאָן פאַר קיין פאַל נישט דינען אַלס באַ־פרייאונגס־מיטל. מיר ווייסן שוין, אַז דער אינטעליגיבעל־נער כאַראַקטער פון מענטשן איז אומשטערבלעך. די ווי־לנסריכטונג, וועלכע דער אינדיווידואום אָביעקטיווירט קאָן נישט פאַרניכטעט ווערן צוזאַמען מיטן טויט פון דעם מענטשן. „דער זעלבסטמערדער — זאָגט שאָפענהויער — האָט גאָרנישט פאַרלוירן דעם ווילן צום לעבן, ער וויל נאָר נישט טראָגן די פּראַנטוואָרטלעכקייט, וועלכע די

אומשטענדן האָבן פאַר אים געבוירן. פאַר דער פאַרניכטונג פון ווילן איז נויטיק אַבּאַוואוסטזיניקער אַקט פון אינדי־ווידואום. דער אַקט ווערט געבוירן אין אינטעלעקט און דערגייט אין די טיף פון די מעטאַפּיזישע וואָרצלען פון אינדיווידואום, וועלכע ציען זיך נאָך טיפער פאַר זיין ווילן. דער אינטעלעקט באַפרייט זיך פון ווילן און קומט צו אַ פעסטן באַשלוס מער נישט צו עקזעסטירן.

די אומבאַגרייפ־באַרקייט פון דעם אַקט און די גרויסע סתירות מיט אַנדערע טיילן פון זיין פילאָזאָפיע

שאָפּענהויער זעט אין דעם אינטעלעקטועלן באַשלוס צו פאַרניכטן דעם ווילן אַ גרויסן פילאָזאָפיש אומבאַגרייפבאַרן וואונדער. שאָפּענהויער האָט נישט געקאָנט פילאָזאָפיש דערקלערן די מעגלעכקייט פון אַזאַ אַקט. אַפילו די צייטווייליקע אינטעלעקטועלע באַפרייאונג פון גאון איז נאָך שאָפּענהויערס שטה אַליין פאַר אונז אומפאַרשטענדלעך. ווי באַלד דער אינטעלעקט איז נאָר אַצווייטעשטופיגער פּראָדוקט פון ווילן, טאָ ווי קאָן ער זיך פון אים באַפריי־ען? עס וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט אויסקומען אַזוי, אַז אין דעם מאָמענט, ווען דער אינטעלעקט באַפרייט זיך פון ווילן, דאַרף ער אויפערן צו עקזיסטירן אַלס אַזעלכער. און די סתירה איז נאָך גרעסער אין דעם אַקט פון פאַר־ניכטונג פון ווילן. ווי אַזוי קאָן די אינטעלעקטועלע פונק־ציע פון ווילן ווערן אויף אַזוי פיל זעלבסטשטענדיק, אַז זי זאָל קאָנען פאַרניכטן דעם גאַנצן ווילן, איבעררייסן אַלע פעדעם, וועלכע פאַרבינדן דעם מענטשן מיט דער וועלט און פאַרוואַנדלען דעם מענטשן אין „גאָרנישט“. שאָפּענהויער האָט אויך נישט געקאָנט ענטפערן אויף דער פראגע, וואָס איז אים געשטעלט געוואָרן דורך איי־ניגע פון זיינע תּלמידים. נאָך דער אַלעראיינהייט פון דעם וועלטווילן, — וועלכע עס לערנט שאָפּענהויערס פי־

לאָזאָפּיע-וואו דער ווילן איז אין אַגלייכער מאָס אין אַלץ און אַלץ אין אים, וואו די פּאַרניכטונג פון קלענסטן אַטאָם דאַרף מיטברײנגען די פאַרניכטונג פון דער גאַנצער וועלט, וואָלט דאָך געדאַרפט איין הייליקער אַסקעט דורך דער פאַרניכטונג פון זיין ווילן באַפרייען די גאַנצע וועלט פון לעבענסווילן! שאָפּענהויער האָט אויף דעם נאָר געזאָגט, אַז זיין פילאָזאָפיע איז צוליב דער באַגרעניצטקייט פון מענטשלעכן שכל נישט אומשטאַנד צו ענטפערן אויף דער פראַגע. זיין פילאָזאָפיע שעפּט נישט אויס מיט זיך אַלץ, זי איז נאָר אַ טייל פון דער אמתזוכעניש.

דער אַסקעטישער אידעאַל

שאָפּענהויער איז געווען אַזוי דורכגעדרונגען מיט אַכבוד געפיל פאַרן אַסקעטישן אידעאַל, אַז אים האָבן נישט אָפּגעשטעלט קיינע סתירות פון דעם אַקט פון ווילנספאַרניכטונג מיט אַנדערע טיילן פון זיין פילאָזאָפיע.

וואָס איז אַזוינס דער אַסקעט? ערשטענס איז דאָס אַ פלאַמענדיקע נאַטור, נאָך מער ליידנשאַפטלעכע ווי דער גאון. דער אַסקעט ווערט נישט געבוירן קיין אַסקעט. פאַרקערט, ער ווערט געבוירן נאָך לעבנסדורשטיקער ווי אַנדערע מענטשן און נאָך מער ווי אַנדערע מענטשן וואַרפט ער זיך אויף די לעבנספאַרגעניגנס. אָבער דער טיפ העכערער מענטש באַזיצט אַ העכערן זעלבסטבאַוואוסט-זיין, וועלכער ביי געוויסע אומשטענדן, גיט אים אַ שטויס אויף אַ גאַנץ אַנדערן וועג, אויף דעם וועג פון פאַרניכ-טונג פון ווילן. דער אינטעלעקט, וועלכער האָט געהאַט געדאַרפט נאָר דינען דעם ווילן באַפרייט זיך אינגאַנצן פון זיין יאָך און נאָך מער, ער פאַרניכטעט אינגאַנצן דעם ווילן פון אינדיווידואום.

**די פאָרמען פון אַסקעטיזם**

אַלע פאָרמען פון אַסקעטיזם זיינען אַקטן אָדער צוגריי=טונגסאַקטן צום פאַרניכטונג פון ווילן: די פרייוויליקע אָרעמקייט, דאָס שטילע איבערטראָגן נישט פאַרדינטע אומרעכטן און באַליידיגונגען, פרייוויליקער הונגער און יסורים ליידן. אָבער די הויפּטראָל שפּילט דאָ דאָס אָפּזאָגן זיך פון געשלעכטלעכן לעבן, ווייל דאָס האַקט איבער דעם ווילנסנערוו. שאָפּענהויער בריינגט פיל צי=טאַטן, וואָס באַווייזן, אַז דער פאַקט געפינט זיך אין אַאיינגען בונד מיט דער מיסטיק און עזאָטעריזם פון יע=דער רעליגיע. סיי אין אינדיען, סיי אין עוואַנגעליע און אַממייסטן ביי די ערשטע שעפער פון קריסטנטום: טער=טוליאַן, אַווגוסטין, קיפּריאַן קוקט מען אויף חתונה האָבן ווי אויף אַזינדפאַל און דאָס בייקומען דעם געשלעכטלעכן אינסטינקט, אַלס דעם אָנהויב פון דער הימלסמלוכה. די אַסקעטן=נזירים זיינען באַוואוסט סיי פון די ערשטע צייטן פון דער קריסטלעכער רעליגיע, סיי פון די אינדיעע פאַ=קירן. דער צוועק פון אַסקעטיזם – נזירות איז דערגרייכן אַפּולע באַפרייאונג פון די לעבנסליידן. דער הייליקער נזיר שטרעבט אינגאַנצן צו פאַרניכטן זיין לעבענסווילן. די וועלט, וועלכע איז פאַר אַלע אַנדערע מענטשן „אַלץ“, ווערט פאַר אים פאַרוואַנדלט אין „גאָרנישט“. דער נזיר הערט אַליין אויף צו עקזיסטירן, ער ווערט אַליין אויך „גאָרנישט“.

**די נירוואַנאַ און איר בודדיסטישע כאַראַקטעריסטיק**

מיר דאַרפן אָבער נישט מיינען, אַז די ווילנספאַרניכטונג הייסט אויך די גאַנצע פאַרניכטונג פון אינדיווידואום. דער הייליקער נזיר עקזיסטירט אין אַזאַ מין וועלט, וואו עס איז נישטאָ קיין ווילן, דאָס איז אַזאַ צושטאַנד, וועלכן די בודדיסטן רופן אָן מיטן נאָמען „נירוואַנאַ“.

ביי די בודדיסטן איז „נירוואַנאַ" דאָס אידעאַלע לעבן, וואָס מיר קענען נישט משיג זיין מיט אַלע אונזערע חושים, דאָס איז אַ לעבן אָן ליידן און אָן ווען: „וואו עס איז נישטאָ קיין ערד און קיין וואַסער, קיין ליכט און קיין לופט; וואו עס איז נישטאָ נישט אומענדלעכקייט פון שטח, נישט אומענדלעכקייט פון שכל און נישט עפּעס אַנדערש, וואו עס איז נישטאָ נישט קיין פאָרשטעלונגן, נישט זייער אָפּוועזנהייט, וואו עס איז נישטאָ נישט די וועלט נישט אַ אַנדער וועלט, נישט די זון און נישט די לבנה. דאָס איז נישט קיין דערשיינונג און נישט פאַרניכטונג און נישט קיין באַשטימטעס, דאָס איז גישט קיין שטאַרבן און נישט קיין נעבוירן. דאָס איז אַעקזיסטענץ אָן אַ גרונט, אָן אַאַנטוויקלונג, אָן אַ אָנשפּאַרונג, דאָס איז דער סוף פון די ליידן". שאָפּענהויער שילדערט די נירוואַנע, אַלס אַ אויבערוועלט, אַוועלט, וואָס איז העכער פון אונזער ווילנס-וועלט. נאָר נאָך אונזערע וועלטלעכע השגות בלייבט נאָכן פאַרניכטן דעם ווילן פון אינדיווידואום גאָרנישט. „מיר באַזיצן נישט קיין בילד, קיין באַגריף, קיין וואָרט אויף צו שילדערן די נירוואַנע, אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז זי איז נישט די אמתע רעאַליטעט. און נישט נאָר מיר קאָנען זי נישט כאַראַקטעריזירן מיט אונזער שפּראַך, נאָר עס איז גאָר אַפּאַשוועכונג פון אַ הייליקטום צו שילדערן זי מיט ווערטער. אַפילו דער הייליגסטער אין דער וועלט וואָלט נאָר געדאַרפט שווייגן וועגן דער העכערער וועלט פון אמתן גליק". „גאָרנישט" איז אַלזאָ די נירוואַנאַ, די ווילנס-לאזע וועלט נאָר פאַר אונז, „אָבער פאַר די, וואָס האָבן זיך שוין אָפּגעזאָגט פון דעם ווילן צום לעבן און זיינען שוין אַריין אין נירוואַנאַ — וואָס איז אַזוינס אונזער וועלט, די רעאַלע וועלט מיט אַלע אירע שטערנס, זונען און

-וילכשטראַסן ? -- „גאָרנישט". פאַר די הייליקע, איז פאַר-
קערט, די נירוואַנאַ די רעאַלע אמתע וועלט.

די נירוואַנאַ אַלס אַבאַזונדערע נשמה-שטרעבונג

סודותפול איז שאָפּענהויערס לערע פון דער פאַרניכטונג פון ווילן און דערגרייכונג פון נירוואַנאַ. נישט קוקנדיק אַלע בולטע סתירות ווירקט אויף אונז די לערע ווי אַוואונדערבאַרער צויבער, אין דער לירישער פּאָעזיע פון אַלע צייטן און פעלקער איז שוין לאַנג געשילדערט גע-וואָרן דער ווילנסלאָזער צושטאַנד, וועלכער איז עפּעס אַזוי ווי אַ חלום און דאָך אַ וועלט, אַ וועלט אָן ווילן און אָן פאַרלאַנגען. די נירוואַנע איז דער אידעאַל פון דער מענטש-לעכער נשמה, די שיינע נשמה האָט נאָר איין שטרעבונג צו אַנטלויפן פון דער נאַרישער וועלט און עס דאַרפן אַריבערגיין פיל גלגולים, פיל מיליאָנען יאָרן, פיל שרעק-לעכע וועלטדערשיינונגען ביז זי דערגרייכט איר ציל.

„דער אמתער חכם – זאָגט בודדאַ – זעט אין אַלע טיילן פון עקזיסטענץ נאָר אַלטקייט, קריינקייט, טויט און פאַר קיין פאַל נישט גליק און פרייד. נישט אין אָנהויב, נישט אין סוף זעט ער נישט עפּעס אין וואָס מען זאָל זיך קאָ-נען אָנהאַלטן און דאַן וואַקסט אַלץ מער די אומצופרידנ-הייט אין אים ביז עס גייט איבער אין אַעקל צו אַלערליי עקזיסטענצן. אין דער באַוועגונג פון דער וועלט, זעט ער, איז נאָר דאָ ליידן און נאָר דער סוף צו דער באַוועגונג קאָן ברייגנז באַרואיגונג, באַפרייאונג פון אַלערליי וועלטלעכע צוגעבונדקייטן, פאַרניכטונג פון לעבנסדורשט, פון נאַרישע ליידנשאַפטן. דאָס איז דער אָנהויב געדאַנק פון נירוואַנאַ. און זיין געדאַנק טראָגט זיך אַריבער אַ אין, וואו עס איז מער נישטאָ קיין באַוועגונג און נאָר דאָרטן געפינט

ער אַ אויסוועג, ער זעט אַלץ מער „פּנים אל פּנים די נירוואַנאַ. די נירוואַנאַ קאָן דערגרייכט ווערן, ווייל עס מוז זיין אַ עקזיסטענץ, וואָס איז נישט געבוירן, נישט באַשאַפן, נישט געמאַכט, וואָס האָט נישט קיין פאָרמע, וואָרעם אַנדערש וואָלט פאַרן געבוירענעם, באַשאַפענעם, געמאַכטן, פאָרמעדיקן קיין אויסוועג נישט זיין".

די רעטונג ליגט אין דער ניר-וואַנאַ

דער סוף פון די ליידן קאָן זיין נאָר צוזאַמען מיט דעם סוף פון דער וועלט. די רעליגיעס, וועלכע גלויבן אין אַ באַפרייאונג פון די ליידן אויף דער וועלט אין אַנדערע בעסערע צייטן, ווידערשפּרעכן זיך אַליין, ווייל דער אמתער מקור פון רעליגיע איז דאָס באַוואוסטזיין פון שלעכטס פון לעבן, פון דער נאַרישקייט פון אַלע לעבנס-שטרעבונגען, סיי אין אונזער ערדישער וועלט, סיי אין אַ פאַרפאָלקאָ-מענער גן-עדנדיקער פאָרמע. דער טעות פון דער רעליגיע איז איר לערע פון אַ בעסערן לעבן, אַ פאָלקאָמענערן, אַ גן-עדנדיקן, וואָס בלייבט דאָך אַ לעבן אין אונזער זין. די שטרעבונגען פון דער רעליגיע איז צום „זיין", צום אומשטערבלעכן „זיין". דער בודיזם, דאַגעגן, האָט נאָר די שטרעבונג צום „נישט זיין", צו דער נירוואַנאַ, וואו עס עקזיסטירט נישט קיין ווילן און האָט דאַריבער אפילו נישט קיין דמיון מיטן לעבן. די רעטונג פון בודדיסט איז נאָר די פולע פאַרניכטונג פון באַגריף פון לעבן: נאָר דאַן ווערט דאַרגרייכט די באַפרייאונג, נאָר דאַן ווערט פאַר-ענדעט דער וואַנדערונגס ציקל פון דער דורך דעם ווילן פאַרפירטער נשמה. דער וואָס האָפט און טרוימט פון אַ בעסערן לעבן אין די הימלען איז נאָך ווייט פון באַפריי-אונג, אין אים לעבט נאָך שטאַרק דער ווילן, דער לעבנס-אימפּולס. דער הייליקער אַסקעט אָבער, וואָס האָט זיך

באַפרייט פון ערדישן לעבן, איז אויך פריי פון וועלכע עס איז שטרעבונג צו אַ אַנדערן פאָלקאָמענערן לעבן. ער האָט זיך שוין אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון דער וועלט און קיין שום צוגעבונדנקייט, קיין שום שאטן פון ליבע און התקרבות קאָן אים נישט פאַרפירן און באַגייסטערן זיין פאַרלאַנגענלאָזעס האַרץ.

די שטרעבונג צום „נישט זיין"

— יעדע פערזענלעכקייט — זאָגט בודדא — איז אַ אילוזיע יעדע התקרבות און צוגעלאָזנקייט איז אַ ווייטאָק. דער וואָס ווייסט נישט פון ליבע דער ווייסט נישט פון ליידן. דיין קערפּער זאָל זיין ביי דיר ווי אַ זייפן בלאָזן און די גאַנצע וועלט ווי אַ נאַרישער חלום. —

— וואָס איז פאַר מיר דיין טאָכטער? — זאָגט דער נזיר צום פרידלעכן בירגער — דיין טאָכטער, וועלכע איז אָנגעפילט מיט בלוט און פלייש, איך וועל זי אפילו נישט אַ שטופּ טאָן מיטן פוס. —

דער הייליקער בודדיסט שטרעבט נישט צו קיין גן עדנס, צו קיינע תענוגים, ווי גשמותדיקע אַזוי רוחניותדיקע און נאָר אין דער נישטשטרעבונג, אין דער פולער פאַרניכטונג פון יעדן מין פאַרלאַנגען איז זיין רעטונג. זיין גאַנצע טעטיקייט איז נאָר אָנגעווענדעט אויף צו פאַרניכטן יעדע מין השגות און דמיונות פון לעבן, איז נאָר אַ שטרעבונג צום „נישט זיין", צו א ווילנסלאָזער פאָרמעלאָזער און לעבנסלאָזער וועלט, וועגן וועלכער מיר קאָנען אפילו נישט טרוימען און וועלכע מיר קאָנען נישט כאַראַקטעריזירן מיט ווערטער און געפילן.

שאָפּענהויערס מיסטיק

שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע ווערט דאָ אין גאַנצן מיסטיש. די פילאָזאָפיע און די מיסטיק — זאָגט שאָפּענהויער — זייגען איין זאַך. דער אונטערשיד צווישן זיי איז נאָר דאָס,

וואָס איינע הייבט אָן פון אינעווייניק, און די צווייטע פון אויסנווייניק. דער מיסטיקער גייט אַרויס פון זיין אינע-ווייניקסטער, פּאָזיטיווער, אינדיווידועלער דערפאַרונג, אין וועלכער ער זעט זיך אַלס אַ אייביקן אוניווערסאַלע וועזן! אָבער אַלץ, וואָס ער רעדט מוז מען גלויבן אויפן וואָרט, ווייל ער קאָן גאָרנישט באַווייזן. דער פילאָזאָף דאַגעגן, הייבט אָן פון אַלגעמיינעם אָביעקטיוון פענאָמען, פון פאַקט פון באַוואוסטזיין, ווי ער געפינט זיך אין יעדערן. זיין מצטאָד איז וועגן עפּעס, וואָס געפינט זיך ביי אים אין האַנט און דאַריבער קאָן ער איבערצייגן מיט ווערטער. די מעלה פון דער פילאָזאָפיע באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז זיך סומך אויף פאַקטן פון דער אויסערן וועלט, וועלכע געפינען זיך אין אונזער באַוואוסטזיין. „זי קאָן דאַ-ריבער בלייבן קאָסמאָלאָגיע און דאָך נישט ווערן קיין טעאָלאָגיע".

די מיסטיק פאַרבייט ביי שאָפּענהויערן דעם גלויבן. שאָפּענ-הויערס רעליגיע – די פאַרניכטונג פון ווילן–איז דורכויס געגרינדעט אויף מיסטיק, די מיסטיק, וועלכע שרעקט אַמאָל אָפּ מיט אירע טיפע אָבגרונטן און וועלכע בלייבט דאָך אַזוי נאָענט און האַרציק אין אייניקע ערהאַבענע מאָ-מענטן פון לעבן.

# נאָכוואָרט

## די קולטורעלע באַדייטונג פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע

שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע און אונזער קולטור

ניצשע, אין איינעם פון זיינע ערשטע ווערק, „שאָפּענהויער אַלס דערציער", רעדט מיט באַגייסטערונג וועגן דער גרויסער קולטורעלער באַדייטונג פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע. מיר מוזן אָבער אַ פריער באַמערקן, אַז די גאַנצע שיטה שאָפּענהויערס איז נישט נאָר א קולטורעלער נצחון, נאָר אפילו אַ געגנקראַפט, אַ פיינדלעכע שטעלונג צו יעדער מין קולטור. שוין נישט נעמענדיק אין אַכט די פלאַכע מוחות, פאַר וועלכע קולטור איז עראָבערונגען פון טעכניק און קאָמפאָרטן פון לעבן, נאָר פאַרשטייענדיק אונטער קולטור די פאַרפיינערונג פון מענטשלעכן כאַראַקטער און די אויסבעסערונג פון מענטשלעכן אַרט דענקען, קאָן אויך פון קולטור אין שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע קיין ריידע נישט זיין. אין אַזאַ שיטה, וועלכע לייקנט אָפּ דעם פּראָגרעס סיי דעם אויסערלעכן, סיי דעם אינערלעכן און אַנערקאָנט פאַר דעם יסוד פון דער וועלט אַ בלינדן ווילן, קאָן קיין אָרט נישט זיין פאַר קולטור. די קולטור, אַלס אַ ספּעציפישע מענטשלעכע קראַפט, וועלכע נישט קוקנדיק אויף אַלע מכשולים גייט דאָך אין איר קאַמף פאָרווערטס, האָט דאָך איין שטרעבונג צו גליק, אמת, שיינהייט און גערעכטיקייט קאָן זיך צו שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע נישט צופּאַסן.

די נעגאַטיווע קולטור

עס איז אָבער פאַראַן אַ אַנדער מין קולטור, וועלכע מיר קאָנען אָנרופן נעגאַטיווע קולטור און וועלכע דאַרף האָבן אַזאַ באַדייטונג ווי די פּאָזיטיווע (נאָך דעם באַוואוסטן געזעץ, אַז יעדעס ווערט מוז האָבן זיין אַנטיפּאָד) און דאַצו מוז זי נאָך האָבן אַ באַזונדער דעמאָנישן רייץ. דאָס איז די רעוואָלוציאָנערע קולטור, וועלכע פאַרוואַנדלט אין שברי כלים די אַלע מתנות, מיט וועלכע מיר זיינען געוואוינט געוועזן אַזוי צו שטאָלצירן, וועלכע קוקט אויפן גאַנצן לעבן און אירע אַלע פאָרמען און אַנטוויקלונגס עטאַפּן מיט אַ בטול, פון אויבן אַראָפּ. איר ציל איז צע־שטערונג.

שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע אַלס די פאַרקער־פּערונג פון דער נעגאַטיווע קולטור

דער יונגער ניצשע, וועלכער איז נאָך געוועזן אין זיין ערשטן פעריאָד פול מיט גלויבן אין קולטור עראָבערונגען האָט דאָך אומבאַוואוסטזיניק געפילט אין זיך דעם שפּע־טערן ניצשע: דעם גרויסן צושטערער און איבער־שעצער פון אַלע ווערטן און דאָס איז געוועזן די אורזאַכע פון זיין באַגייסטערונג פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע — די באַגייסטערונג פון דער נעגאַטיווער קולטור, פון דער צעבּרעכונג פון אַלערליי לוחות.

אין דעם נעגאַטיוון זין קאָן מען אָנרופן שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע די העכסטע רוחניותדיקע קולטור, ווייל זי ענטהאַלט אין זיך די גרעסטע איבערקערענישן אין דעם מענטשלעכן לעבן. שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע דאָס איז די רעוואָלוציע אין אייראָפּעאישן דענקען.

די דריי צושטע־רונגס־מאָמענטן אין זיין פילאָזאָ־פיע

דריי צעשטערונגס מאָמענטן כאַראַקטעריזירן אַמבּעסטן די שאָפּענהויערס רעוואָלוציאָנערן אַרט דענקען. דער ער־שטער — די צעשטערונג פון גלויבן אין מענטשלעכן שכל — דאָס איז שאָפּענהויערס איראַציאָנאַליזם און וואָלונטאַריזם.

דער ביז שאָפּענהויער הערשנדער ספּעקוליאַטיזם=ראַציאָ-
נאַליזם, וועלכער האָט שוין פון קאַנטן געקריגן דעם
ערשטן קלאַפּ, איז ביי שאָפּענהויערן אינגאַנצן צונישט
געוואָרן. זייער לאַנגיעריקער בנין, וועלכער האָט דערוועקט
דערשטוינונג און פרייד, צוגעגעבן מוט צו ווייטערע
נאָכדענקונגען, איז צופאַלן געוואָרן אויף שטויב. די וועלט
איז נישט קיין שכלדיקע שאַפונג, נאָר אַ בלינדער אומ=
פאַרשטענדלעכער פאַרלאַנג. דער צווייטער צעשטערונגס
מאָמענט, איז די פאַרניכטונג פון גלויבן אין דער וועלט,
אין לעבן און אין דער מענטשהייט — דאָס איז שאָפּענ=
הויערס שרעקלעכער פּעסימיזם. אייבער פאַר שאָפּענהויערן
זיינען געווען אָנווייזונגען אויף דעם, אַז דאָס לעבן איז
שלעכט, איז דאָך די אַלגעמיינע איבערצייגונג געווען
פאַר דעם, אַז דאָס לעבן אַליין האָט אַ צוועק פאַר זיך.
די אומגינסטיקע זייטן פון לעבן קאָנען און דאַרפן אויס=
געבעסערט ווערן. אויף דעם גלויבן אין לעבן און אין דער
מענטשהייט ענטפערט שאָפּענהויער מיט זיין פּעסימיזם:
דאָס לעבן איז שלעכט נישט צוליב די אומשטענדן, די
מענטשן זיינען שלעכט נישט צוליב די פאַרעלטנישן, נאָר
דאָס „לעבן" אַליין איז שוין אַ שלעכטס, ווי עס זאָל
זיך נישט אויפלייגן, ווייל לעבן און ליידן איז איין זאַך
און די מענטשן זיינען שלעכט, ווייל זייער ראָל — אָב=
יעקטיווירן דעם ווילן — איז אַ פאַרברעכערישע און אַ
שלעכטע. גלויבן אין דער צוקונפט און אין מענטשלעכן
פּראָגרעס איז פאַר דעם פילאָזאָף אַלץ איינס ווי זאָגן
אַז דאָס געגנוואַרטיקע לעבן איז גוט, דאָס וואָלט הייסן
וועלן באַוואוסטזיניק פאַרלייקענען דאָס, וואָס מיר האָבן
פאַר זיך — אַ וועלט פול מיט שלעכטס און ליידן.

דער דריטער צעשטערונגס מאָמענט איז די פאַרניכטונג פון רעליגיע, פון דעם אָנכירנדן הויפט־מאָטיוו אין דער וועלט געשיכטע. שאָפּענהויער האָט ווי פון אָנהויב אָן גע־שטעלט זיך פאַר אַ צוועק צו פאַרניכטן דעם טעאיזם און אים פאַרבייטן מיט אַ אַנדער גלויבן—אַ גלויבן אין א ווילנס־לאָזע וועלט: אין נירוואַנאַ. שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע איז דורכויס רעליגיע. זי אָטעמט מיט אַ רעליגיעזן נביאישן פייער פון א עקזעלטורטן ברענענדיקן גלויביקן. דאָס, קאָן מען זאָגן, איז דער עקסטראַקט פון רעליגיע און נביאות. אָבער ווי פאַרשידן איז דיזע רעליגיע פון דעם אַלערשענדן אָפיציעלן גלויבן אין גאָט, אַלס אַ פּערזענ־לעכקייט, צו עס זאָל זיך נישט אויסדריקן אין אַ וועלט־שעפערישן גאָט צי אין אַ אימאַנענטע קראַפט שפּינאָזעס. די אָפיציעלע רעליגיע האָט פון שאָפּענהויערן באַקומען אין זיין פילאָזאָפיע דעם לעצטן קלאַפּ.

**דער רעוואָלוציאָנערער קריזיס אין אייראָפּעאישן דענקען**

אין די דריי הויפט רעוואָלוציאָנערע מאָמענטן איז שאָפּענ־הויערס פילאָזאָפיע דער רעוואָלוציאָנערער קריזיס פון דער אייראָפּעאישער פילאָזאָפיע. דער שאַבלאָניזם פון אייראָ־פּעאישער דענקען האָט געמוזט פירן צוריק צום בודיזם. דאָס אַריינדרינגען פון דער אייראָפּעאישער חכמה אין אייראָפּא, דאָס איבערגיסן פון בודיזם אין אַ מאָדערנע פאָרמע האָט אַליין געקאָנט אָפּפרישן דעם גייסטיק פאַר־פוילטן פונדאַמענט פון אייראָפּעאישן אַרט דענקען.

דער מאָדערנער העכערער מענטש האָט זיך געפילט אויף אַזוי פיל פאַרלוירן דעם באָדן אונטער זיך, אַז עס איז אים נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך צו וואַרפן אין די אָרעמס פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע. זיינע

אידעאַלן זיינען ווי פאַר אים צעשווימען געוואָרן און ער איז געבליבן ביי דער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

אידעאַל און ווירקלעכקייט

מען קאָן אין אַלגעמיין זאָגן, אַז דער מקור פון יעדן גייסטיקן דענקען איז די גרויסע סתירה צווישן אידעאַל און ווירקלעכקייט. אין דעם פּרט קאָן מען זאָגן, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז שטענדיק קריגעריש. נאַטירלעך, מיינען מיר דאָ נאָר די בעסערע און העכערע אינטעלעקטועלע כּוחות פון דער מענטשהייט. די אָפּגעשטאַנענע און שוואַכערע וועלן זיך שטענדיק נישט נאָר באַוועגן מיט דער געגנוואַרט, נאָר וועלן עס נאָך פאַרטיידיקן קעגן יעדן אָנגריף. זייער ראָל איז אויך נויטווענדיק, ווי ביי יעדן אָנגריף מוז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זיין אַ פאַרטיידיקונג. זייער ראָל איז אָבער נידעריק און קליין און זיי אַליין פילן נישט די שפּלדיקייט פון זייער לאַגע, ווי עס פילט נישט אַ קנעכט פאַרטיידיקנדיק זיין האַרס אינטערעסן, אַז ער ברענגט זיך אַליין דאַמיט שאָדן. זייערע אונטערטעניקע פאַרשקלאַפטע נשמות ווילן בלייבן אין דער שקלאַפעריי און פאַרטיידיקן זי מיט אַלע כּוחות... אָבער די בעסערע פאָרשטייער פון דער מענטשהייט מוזן און בלייבן שטענדיק רעוואָלוציאָנערן. אָנהויבנדיק פון פּראָמעטעאוס איז דער מענטשלעכער גייסט שטענדיק רעוואָלוציאָנעריש געשטימט: ער קאָן זיך נישט אָפּשטעלן אויף איין אָרט.

דער „אמת“ אין פילאָסאָפיע

אי'דאָס זוכן נייע וועגן פון דענקען, דאָס אייביקע אומצופרידנהייט מיט די געגנוואַרטיקע לערעס ווייזט, אַז דער אמת איז נישט אַ סטאַטישער, נאָר אַ דינאַמישער פּונקט אין דער קאָסמישער געשיכטע. געטע זאָגט, אַז דער אמת איז צו גרויס, אַז ער זאָל זיך קאָנען איינלייגן אין איין

שיטה און אין איין רעליגיע. ער איז דאַריבער דאָ אין זיי אַלע צוזאַמען. יעדע שיטה איז נאָר אַ שטיק אמת און איר געגנערישע שיטה איז אויך אַ אמת. דער אמת איז אַ באַוועגלעכער, ער איז, ריכטיקער, אַ אומענדלעכע שטרעבונג צום אמת און דער וואָס האַלט, אַז ער האָט שוין אין זיין האַנט דעם אמת אינגאַנצן, דער פאַרלירט אים. דער קולמינאַציאָנס פונקט פון יעדער קולטור איז אויך גלייכצייטיק איר טויט-פונקט, ווייל ער באַווייזט, אַז די עוואָלוציע איז שוין דערפירט געוואָרן ביז צום סוף און דער אַגגרעגאַט איז אויסגעשעפּט, ער באַווייזט אויף אַ נויטיקייט פון אַ רעוויזיע פון אַלע פּרינציפּן, פון אַ איבערשעצונג פון זיינע אוצרות.

שאָפּענהויערס פּי-לאָזאָפּיע אַלס אַ שטיק וועלטהאַרץ

מיר דאַרפן דאַריבער קוקן אויף שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע ווי אויף אַ שטיק מענטשלעכע קולטור, ווי אויף אַ שטיק אמת, וואָס איז אַרויסגענומען פון דער וועלט-האַרץ, אָדער בעסער, ווי אויף אַ וואונדערבאַרע שיינע פּאָעמע וועגן דער וועלט, פאַר וועלכער די באַגריפן „אמת" און „שקר" זיינען נישט גילטיק. עס זיינען נאָר וויכטיק די שיינהייט און די דערהאַבנהייט, די נייע שטימונגען, וועל-כע זי ברייננגט אַריין אין אונז — די שטימונגען פון אַ קאַמף פון צוויי אַזוי פאַרשידענע קולטורן.

בודיזם און אונ-זער וועלט אנ-שויאונג

דאָס בייזע שטרענגע געזיכט שאָפּענהויערס וואָלט ווי וועלן מאַכן אונז פאַרווירפע פאַר אונזער צופיל גלויבן אין אונ-זער קולטור און אין דעם ווערט פון אונזער לעבן. זיין אויפגעהויבענע האַנט ווייזט אונז אלס היפך צו אונזער קולטור, אויף אַ ווייטן פאַרכישופטן טעמפל, אין וועלכן עס ליגן באַגראָבן די טרייסט און האָפענונג פון מיליאָנען מענטשן פון דער אַלטער וועלט, צו וועלכן עס פלעגן זיך

איפהויבן די אויגן און אויסגיסן די הערצער פון גע-
פייניקטע און געדריקטע פעלקער. און ביי דעם אָנבליק
וויגט זיך און ווערט אַזוי קליין און נישטיק אוגזער גאַנ-
צע קולטור, מיט וועלכער מיר האָבן אַזוי ליב צו שטאָלצירן
קעגן אַנדערע עפּאָכן. דער וועג איז אַזוי ווייט, אַזוי
מסוכנדיק און דאָך קאָנען זיך די אויגן נישט אָפּרייסן פון
דעם פונדערווייטן לייכטנדיקן טעמפּעל, וועלכער פאַר-
כּישופט און גיפּנאָטיזירט מיט זיין סודותפולער פּראַכט. און
די אויגן, וועלכע גיבן זיך צופיל נאָך זיין געגוס קאָנען
זיך שוין מער נישט אָפּרייסן פון זיינע פאַרבלענדנדע
אוצרות, מיט וועלכע ער באַשענקט זיינע טרייע גלויביקע.

איף דער גרויסער סטאַטוע פון אַלווייסנדן און אַלהייליקסטן
בודדאַ ליגט פאַרגליווערט אַ סודותפולער שמייכל, פול
מיט בטול צו אַלץ אויסער זיך און פון מיט גלויבן אין
זיין אומערשעפּלעכן אייביקן כּוח און השפעה...

אויפהויבן די אויגן און אויסגיסן די הערצער פון גע־פייניקטע און געדריקטע פעלקער. און ביי דעם אָנבליק וויגט זיך און ווערט אַזוי קליין און נישטיק אוגזער גאַנ־צע קולטור, מיט וועלכער מיר האָבן אַזוי ליב צו שטאָלצירן קעגן אַנדערע עפּאָכן. דער וועג איז אַזוי ווייט, אַזוי מסוכּנדיק און דאָך קאָנען זיך די אויגן נישט אָפּרייסן פון דעם פונדערווייטן לייכטנדיקן טעמפּעל, וועלכער פאַר־כּישופט און גיפּנאָטיזירט מיט זיין סודותפולער פּראַכט. און די אויגן, וועלכע גיבן זיך צופיל נאָך זיין געגנוס קאָנען זיך שוין מער נישט אָפּרייסן פון זיינע פאַרבלענדנדע אוצרות, מיט וועלכע ער באַשענקט זיינע טרייע גלויביקע.

אויף דער גרויסער סטאַטוע פון אַלוויסנדן און אַלהייליקסטן בודדאַ ליגט פאַרגליווערט אַ סודותפולער שמייכל, פול מיט בטול צו אַלץ אויסער זיך און פון מיט גלויבן אין זיין אומערשעפּלעכן אייביקן כּוח און השפּעה...

פערלאג „א. גיטלין“

## ש. גאָרעליק

# אין וואַנדער־לעבען

דער פערטרוימטער און שטימונגספולער גאָרעליק האָט א סך געזעהן און האָט פון דעם געזעהענעם געשאַפען זעהר אינטערעסאַנטע און אינהאַלטס־רייכע רייזע־בילדער און אַרטיקלען. גאָרעליק איז שוין גוט בעקאַנט אין דער יודישער גאַס און ער נויטיגט זיך נישט אין קיין רעקלאַמעס. דער ליעבהאָבער פון יודיש, דער יודישער לעזער וועט זיכער געהן צו גאָרעליק'ס בוך, וואו ער וועט זעהן, ווי אַזוי עס לעבט זיין אייגענער ברודער אין פרעמדע לענדער, וואו ער וועט זיך בעקאַנען מיט פערשידענע יודישע כלל־טהוער, אינטערעסאַנטע פערזענליכקייטען א. ד. גל. גאָרעליק גיט דאָ אויך איבער די פאַרביגע לאַנדשאַפטען פון דער שווייץ, וואָס זענען געשריבען מיט א קרעפטיגער האַנד. אויף די זייטלעך פון גאָרעליקס בוך אָטעמט דער מענש און די נאַטור מיט לעבען, און דערין ליעגט דער רייץ פון בוך.

עלעגאַנט אַרויסגעגעבען

פרייז מאַרק.

# אינהאַלט

פון דער נאַטור זיינען סוביעקטיוו, די פראַגע פון אַפּריאָריזם, די פאַרקאַנטישע פילאָזאָפיע, דער ראַציאָנאַליזם, זיינע דאָגמען און זיין באַנקראָט, דער עמפּיריזם און זיין נישט אויסגעהאַלטנ־הייט, די לאָגישע זאַצן, אַנאַליטישע, סינטעטישע, קאַנטס באַגרינדונג פון אַפּריאָריזם, די וויסנשאַפט און די סינטעטישע זאַצן, די באַגרינדונג פון דער מאַטעמאַטיק, די באַגרינדונג פון די נאַטורוויסנשאַפטן, די אומבאַגרינדונג פון דער מעטאַפיזיק, שאָפּענהויערס אַפּריאָריזם, די פיר דערקאָנונגס פונקציעס פון שכל, דער גרונט פון ווערן, שאָפּענהויערס פאַרעלטניש צו די איבעריקע שכל קאַטעגאָריעס, די קאַאוזאַליטעט אין חוש הריאה, דער גרונט פון וויסן, דער גרונט פון זיין, דער באַווייז פון דער סוביעקטיוויטעט פון שטח און צייט, די געאָמעטריע, דער גרונט פון מאָטיוו, אינעווייניקסטע קאַאוזאַליטעט, דאָס פּראָבלעם פון פרייהייט פון ווילן,

IV

## די וועלט אַלס פאָרשטעלונג: פענאָמענאַליזם און קאָררעליאַטיוויזם: 38-44

דער פענאָמענאַליזם, די אויסערלעכע וועלט, דאָס „דינג אן זיך", די פראַגע וועגן רעאַליטעט ביי קאַנטן און שאָפּענהויערן, קאַנטס רעאַליטעטס באַגריף, דער שטאָף אַלס אַאויסערע סובסטאַנץ, דער קאָררעליאַטיוויזם צווישן אָביעקט און סוביעקט, דער אינ־טעלעקט, די טראַנססוביעקטיווע ווירקלעכקייט, די נויטיקייט פון אַנייעם מעטאָד פאַר דער מעטאַפיזיק.

V



VI

סינאָנים פון ליידן. די ליידן פון מענטשן, די הוצאה און הכנסה פון לעבן, נויט און לאַנגוויילעקייט אַלס די פּאָליוסן פון לעבן, דער אינטעלעקטועלער צושטאַנד פון די מייסטן מענטשן, אמתע און פאַלשע בילדונג, די גרויסע חסרונות פון מענטשלעכן אינ־טעלעקט, דער מאָראַלישער צושטאַנד פון די מייסטן מענטשן, די צוקונפט פון דער מענטשהייט, דאָס אַלגעמיין מענטשלעכע גע־וויסן, די אוממעגלעכקייט פון פּראָגרעס, די איליוזיעס פון לעבן, מעטאַפיזיק פון דער ליבע, דער צוועק פון דער ליבע, די ליבע אַלס די קאָנצענטראַציע פון וועלט ווילן, די נוצלאָזיקייט פון אַ קאַמף געגן ליבע, דער מהות פון דער ליבע, דער חשבון פון דעם וועלטווילן, דער אומבאַוואוסטזיניקער עלעמענט אין דער ליבע, דאָס געבוירן פון אַ נייער אידייע, די ליבעס־פאָדערונגען און די פערזענלעכע פאָדערונגען, די געשלעכטלעך צוציענדע אייגנשאַפטן, די באַדייטונג פון כאַראַקטער און שכל אין גע־שלעכטלעכן אינזיכט, די ראָל פון דער נייטראַליזאַציע אין דער ליבע, די ליבע איז אומכאָראַליש, די פרוי און איר ראָליע, אייביקע נאַרעריי און זעלבסט נאַרעריי, דער פאַרברעכערישער אַקט פון וועלטבאַשאַפונג, די באַדייטונג פון דער רעליגיע, די מדרגות פון רעליגיע,

VII

## די פילאָזאָפיע פון אויסלייזונג: קונסט, מאָראַל: 82–99

דער גאון, דער מהות פון גאונות, די פראַקטישע זייט פון דעם גאון, די ליידן פון גאון, זיינע שווערע פּסיכאָלאָגישע איבערלע־בענישן, די שיינהייט און די אידייען, דאָס פאַראינטערעסירטע באַוואוסטזיין פון די מענטשן און דאָס אומפאַראינטערעסירטע

פון גאון, דער פּראָצעס פון גאונישן שאַפן, די פילאָזאָפיע און די קונסט, די באַדייטונג פון דער קונסט, גאון און טאַלאַנט, קונסט און וויסנשאַפט אין זייער פאַרעלטעניש צום לעבן, די קלאַסיפיקאַציע פון קונסט, די ארכיטעקטור, די סקולפּטור און מאַלעריי, די פּאָעזיע, די טראַגעדיע און איר אויסלייזונגסקראַפט, די מוזיק און איר מעטאַפיזישע באַדייטונג, די עטיק; דאָס פּראָבלעם פון פרייהייט פון ווילן, די פרייהייטביים עמפּירישן און אינטע־ליגיבעלנעם כאַראַקטער, די בודיסטישע קאַרמאַ, די באַדייטונג פון מאָראַל, באַוואוסטזיניקייט און מאָראַליטעט, די מדרגות פון מאָראַליטעט, דאָס רחמנות געפיל אַלס מאָראַלישע באַוואוסט־זיין, אונזער חוב צו אַנדערע לעבעדיקע ברואים.

## VIII

### די פילאָזאָפיע פון אויסלייזונג: פאַרניכטונג פון ווילן: 99–10

די צוויי עקסטעע לעבנסאָנשויאונגען, דאָס גאונישע שאַפן, אַלס ערשטע שטופע פון ווילנספאַרניכטונג, די פולע פאַרניכטונג פון ווילן, די אומבאַגרייפבאַרקייט פון דעם אַקט, די גרויסע סתירות מיט אַנדערע טיילן פון זיין פילאָזאָפיע, דער אַסקעטי־שער אידעאַל, די פאָרמען פון אַסקעטיזם, די נירוואַנאַ און איר בודיסטישער כאַראַקטער, די נירוואַנאַ אַלס אַבאַזונדערע נשמה־שטרעבונג, די רעטונג ליגט אין דער נירוואַנאַ, די שטרעבונג צום „נישט זיין“, שאָפּענהויערס מיסטיק.

## נאָכוואָרט; 110–116

### די קולטורעלע באַדייטונג פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע:

שאָפּענהויערס פילאָזפיע און אונזער קולטור, נעגאַטיווע קולטור,

שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע, אַלס די פאַרקערפּערונג פון דער נע־גאַטיווער קולטור. די דריי צושטערונגס מאָמענטן אין זיין פי־לאָזאָפיע, דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס אין אייראָפּעאישן דענקן, אידעאַל און ווירקלעכקייט, דער אמת איז פילפאַכיק, שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע אַלס אַ שטיק וועלט האַרץ. בודיזם און אונזער וועלטאָנשואונג.

---